GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Volume XX, No. 10.** **Jersey City, N. J., October, 1938** **Price: 10 Cents**




Courtesy of N. Y. Post

## צום אידישען נייעם יאר

ראש השנה, דאס אידישע נייע יאר, ציהט מען געווינליך אונטער דעם סך־הכל פון א יאר אידיש לעבען און מען ווינשט זיך אז דאס ניי־אנגעקומענער יאר זאל זיין בעסער ווי דער פארגאנגענער. אויב ווינשען איז עפעס ווערט, דארף מען דעם ראש השנה ווינשען א בעסער יאר מער ווי ווען עס איז, ווייל דער פארגאנגענער יאר איז געוועזן אונערטרעגליך שלעכט. עס איז געוועזן שלעכט פאר אלעמען, אבער נאך שלעכטער פאר אידען. עס איז נאר פאראן איין טרייסט, וואס אין דעם לאנד וואו מיר לעבען, אין אמעריקע, קענען די אידען זיך נים באקלאגען, אז עס איז זיי געוועזן ערגער ווי זייערע קריסטליכע מיטבירגער. אויף וויפיל עס איז געוועזן שלעכט איז עס געוועזן פאר אלעמען גלייך און אויף וויפיל עס איז געוועזן גוט, איז עס געוועזן פאר אלעמען. און אונזער אמעריקע איז היינט דאס לאנד, וואס האט די גרעסטע צאל אידען. און אויב די איבער 4 און א האלב מיליאן אידען, וואס לעבען אין אמעריקע, קענען זיך נים באקלאגען, אז עס עקזיסטירען אויסנאמען צום שלעכטען פאר זיי, איז דאס אין דער איצטיגער קריטישער צייט אין דער געשיכטע פון אידישען פאלק א גרויסע טרייסט.

צו דער טראגישער לאגע פון די אידען אין דייטשלאנד איז אין דעם פארגאנגענעם יאר צוגעקומען נאך א מער טראגישע לאגע פון די אידען אין עסטרייך. עס האט זיך אפגעדוכט, אז קיין גרעסערע טיראניי און ברוטאליטעט, וואס היטלער און זיינע נאציס האבען ארויסגעוויזען געגען די אידען אין דייטשלאנד קען מען זיך נים פארשטעלען. אבער היטלער'ס בארבאריזם האט נים קיין גרעניץ. אין עסטרייך האט ער זיך אליין איבערגעשטיגען.

און טאמער איז דאס נאך נים געוועזן גענוג, האבען די אידען אין דעם דייטשען טייל פון טשעכאסלאוואקיע באקומען די ביטערע בשורה, אז אויך זיי וועלען דארפען טרינקען פון היטלער'ס גיפטיגען בעכער. מען קען נאך פארלויפיג גענוי נים וויסען ווי גרויס עס וועט זיין די צאל וואס וועלען געטראפען ווערען, אבער מען ווייס שוין, אז זייער צאל וועט זיין אין די טויזענדער.

עס האט זיך אויך פיל פארערגערט אין דעם פארגאנגענעם יאר די אידישע לאגע אין פאלעסטינע. אין דעם לאנד, אויף וועלכען א סך אידען האבען געלייגט גרויסע האפנונגען און האבען פארבונדען מיט אים די צוקונפט פון אידישען פאלק און זיין נאציאנאלע עקזיסטענץ.

וועגען די גרויסע האפנונגען האבען געקענט זיין און עס זיינען געוועזן גרויסע מיינונגס־פארשידענהייטען, אבער וועגען דעם ביטערען היינט זיינען אלע מיינונגען איינציג.

אין פאלעסטינע זיינען היינט פאראן איבער 400 טויזענט אידען און זייער לאגע איז אין לעצטען יאר געווארען העכסט קריטיש. דער אראבישער טערראר איז געווארען שטארקער, דאס לעבען אין לאנד איז געווארען אומזיכערער און דער עקאנאמישער צושטאנד איז געווארען פיל ערגער.

צו די לענדער, וואו אידען ווערען פארפאלגט, איז לעצטען יאר אויך צוגעקומען איטאליע.

דער איטאליענישער פאשיזם האט שוין מיט איינינגע יאר צוריק אנגעפאנגען ווייזען זיינע גיפטיגע ציינער און נעגעל געגען אידען, אבער מוסאליני'ס רעגירונג האט זיך געהאלטען אין די ראמען. זי האט אפיציעל קיין אנטיסעמיטיזם נים ארויסגעוויזען און מען האט אויך געהאפט, אז זי וועט עס אויך ווייטער נים טאן. אבער, האט מוסאליני אליין מיט איניגע חדשים צוריק דעקלארירט, אז איטאליע וועט נים גיין אין די וועגען פון דייטשלאנד בנוגע צו די אידען. נאר טאקע דערמיט האט מוסאליני פון דאס ניי באוויזען וויפיל ווערט זיינס א ווארט האט און וויפיל מען קען זיך אויף זיינעם א פארשפרעכען פארלאזען.

דאס איטאליענישע פאלק איז נים געוועזן פריער אנטיסעמיטיש און איז עס אויך היינט נים. דער אנטיסעמיטיזם האט אייגענטליך קיין גרונד נים אין איטאליע. ערשטענס איז דארטען די צאל אידען א קליינע — אז ערך 50 טויזענט. צווייטענס, אונטערשיידען זיי זיך נים אין זייער אויסזעהן פון די איטאליענער. דריטענס, שטעלען זיי מיט זיך נים פאר קיין אויגעד אויפרייסענדע עקאנאמישע גרופע, ווי די אידען, למשל, אין דייטשלאנד. מען האט דעריבער נים געקענט העצען און אויפרייצען די איטאליענער, אז די אידען האבען פארכאפט די געשעפטען און די פינאנצען פון לאנד.

דער איטאליענישער פאשיזם איז דעריבער געוועזן א לאנגע צייט אן אויסנאם אין דעם פרט פון אנטיסעמיטיזם — ער איז אפיציעל נים געוועזן אנטיסעמיטיש, הגם אין זיין תוך איז יעדער פאשיזם אנטיסעמיטיש. דער פאשיזם איז געבויט אויף ענג־הארציגען נאציאנאליזם, אויף פיינדשאפט פון איין פאלק צום צווייטען און דאס לייכטסטע איז צו וועקען פיינדשאפט צום אידישען פאלק. דאס איטאליענישע פאלק איז אבער געוועזן אזוי ווייט פון אנטיסעמיטיזם, אז דעם פאשיזם אין איטאליע האט אנפאנגס אפילו נים געקענט איינפאלען אריינצושטעלען אנטיסעמיטיזם אין זיין פראגראם.

נאר מוסאליני האט ענדליך איצט אנגעיאגט, וואס ער האט פריער פארזאכלעסיגט. ער האט איז דעם לעצטען יאר איבערגענומען פון היטלער'ן זיין ראסענטעאריע צוזאמען מיט זיין אנטיסעמיטיזם. היטלער האט

# „יוניטי הויז׳ מאַכט אויסערגעוויינליכע פאַרברייטונגען פאַרן לייבאַר-דעי וויקענד

## דער יום-טוב וועט אָנהאַלטען דריי מעת-לעת, פון פרייטאָג ביז מאָנטאָג אָווענט. — וועלט בארימטע סטאַרס פון טעאַטער, אָפּערא און באַלעט וועלען אויפטרעטען ביי קאָנצערטען. — אָריענטאַלישער מיטען-נאַכט באַנקעט וועט זיין אמת׳ער קאַרניוואַל.

די „יוניטי הויז", דער מיליאָן דאָלאַרדיגער זומער-פּלאַץ, וואָס די אינטערנעשאָנעל לידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן האַלט אָן פאַר אירע מיטגלידער, גרייט זיך צו מאַכען דעם שלוס פון היינטיגען סעזאָן אַזוי רייך און אימפּאָזאַנט, אַז די מיטגלידער און געסט זאָלען עס געדענקען לדור דורות.

דער שלוס פון סעזאָן וועט דאָס יאָר, ווי אַלע מאָל, געפייערט ווערען מיט אַ דריי-טאָגיגען יום טוב, לעיבאָר-דעי וויק-ענד. עס וועט זיך אָנהויבען פרייטאָג אָווענט דעם צווייטען סעפּטעמבער און וועט אָנהאַלטען כמעט אומאונטערבראָכען ביז מאָנטאָג (לעיבאָר דעי) שפּעט ביי-נאַכט. די פאַרוואַלטונג פון יוניטי הויז, אונטער מענעדזשער א. עלנער, האָט אויף אַלע געביטען צוגעגרייט עטוואָס אויסערגעוויינליכעס פאַר די דריי טעג און דריי נעכט.

וועגען די געשמאַקע שפּייזען, באַקוועמע צימערען, רייכע לאַנדשאַפטען און די וואונדערבאַרע איינריכטונגען פון דער יוניטי הויז פאַר די געסט, איז דאָך ניט נויטיג צו דערציילען. די צענדליגע טויזענדער מענשען, מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל און אַנדערע יוניאָנס, אינטעלעקטואַלען פון דער פּראָגרעסיווער און ראַדיקאַלער געזעלשאַפט, וואָס האָבען פאַרבראַכט אין יוניטי הויז אין משך פון די לעצטע פאַר יאָר, ווייסען דערפון און זייערע לויב-געזאַנגען פאַר דער יוניטי הויז אין וואָרט און שריפט האָט דערגרייכט הונדערטע טויזענדער מענשען פון אַלע שיכטען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. פאַר דעם האַי-יאָריגען לעיבאָר דעי וויק-ענד אָבער זיינען צוגעגרייט געוואָרען ספּעציעלע פיטשורס וואָס זיינען גאָר אויסערגעוויינליך.

אָט איז, צום ביישפּיל, בלויז אַ טיילווייזער צעטעל פון אונטערהאַלטונגען און באַרימטע קינסטלער וואָס וועלען זיך באַטייליגען אין די קאָנצערטען דורך די דריי טעג און נעכט פון האַי-יאָריגען יום טוב:

פרייטאָג אָווענט, דעם 2טען סעפּטעמבער, וועט דער יום טוב ערעפענט ווערען מיט אַ ספּעציעלער באַלעט-פאָרשטעלונג פון דעם באַרימטען „מאַריא טערעזא באַלעט", די תלמידים און נאָכפאָלגער פון דער אומשטערבליכער קינסטלערין איזאַדאָרא דאָקאַן.

שבת אָווענט, דעם 3טען סעפּטעמבער, ווערט דער „ווייסער וועג" — בראָדוויי — אַרונטערגעבראַכט אין יוניטי הויז. באַרימטע קינסטלער, אַקטיאָרען, זינגער, מוזיקער און אונטערהאַלטער פון דער בינע, ראַדיאָ, אָפּערא און מואַוויס וועלען זיך באַטייליגען אין אַ פּראָגראַם וואָס אַפילו אויף בראָדוויי ניו יאָרק קען מען ניט זען אין איין אָווענט.

זונטאָג וועלען געגעבען ווערען צוויי קאָנצערטען. איינער אין דער פרי און איינער אין אָווענט. אין די קאָנצערטען וועלען זיך באַטייליגען אַזעלכע באַרימטע קינסטלער ווי ראָבערט ווידי, באַריטאָן פון דער מעטראָפּאָליטען אָפּערא הויז; הילדא אַלין, דראַמאַטישע סאָפּראַנאָ; הענריעטא שומאַן, די סאָליסטין פון ניו יאָרקער פילהאַרמאָניק; דער יונגער באַרימטער וויאָלין ווירטואָז אַרנאַלד איידענס, און אַנדערע.

דער הויך-פּונקט פון דעם יום-טוב וועט אָבער זיין דער אָריענטאַלישער מיטן-נאַכט באַנקעט, וואָס וועט זיך אָנהויבען זונטאָג צוועלף אַזייגער ביי נאַכט און וועט אָנהאַלטען ביז פאַרטאָג. דער ריזיגער דיינינג סאַלאָן פון דער יוניטי הויז וועט פאַר דער נאַכט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ אָריענטאַלישען טעמפּעל, מיט כינעזישע דעקאָראַציעס, בילדער, קאָסטיומען און מאכלים. עס וועט זיין אַ נאַכט פון פרייד, פאַרגעניגען, גענוס און שפּאַס וואָס דער עולם וועט לאַנג-לאַנג געדענקען.

צו פאַרזיכערען זיך מיט פּלאַץ אין דער יוניטי הויז פאַר דעם אויסערגעוויינליכען יום טוב, איז ראַטזאַם צו רעדזשיסטרירען זיך באַצייטענס אין אָפיס, 3 וועסט 16טע סטריט. עס איז אַלעמאָל בעסער צו מאַכען רעזערוואַציעס איידער קומען צו שפּעט. פאַר איינצעלהייטען קען מען טעלעפאָנירען: וואַטקינס 9—6868.

## אינטערנעשאָנעל צאָלט אויס די ערשטע טויטען בענעפיט

דער טויטען בענעפיט פאָנד פון דער אינטערנעשאָנעל לידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, וועלכער איז איינגעפירט געוואָרען לויט אַ באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאָן, האָט שוין די וואָך אויסגעצאָלט די ערשטע בענעפיטס צו יורשים פון פאַרשטאָרבענע מיטגלידער. דער ערשטער טשעק פאַר די 150 דאָלער טויטען בענעפיט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו ליגאַ מאַראַטשניק, די אלמנה פון אַ פאַרשטאָרבענעם דרעס פּרעסער, מיטגליד פון לאָקאַל 60 דרעס פּרעסערס יוניאָן.

לויט די רולס פון דעם טויטען בענעפיט פאָנד פון דער אינטערנעשאָנעל, איז יעדער גוטשטייענדער מיטגליד פון דער אינטערנעשאָנעל אינשורט אין הונדערט און פופציג דאָלער, וואָס ווערט אויסגעצאָלט צו זיינע יורשים ווען ער שטאַרבט. די צאָלונגען זיינען אַריין אין קראַפט דעם ערשטען יולי. די טויטען בענעפיט קאָמיטע פון דער אינטערנעשאָנעל, וועלכע באַשטייט פון די וויס-פּרעזידענטען הערי וואַנדער, טשערמאַן; אַנטאָניני, זימערמאַן, ברעסלאַו, ליוויי, רייזבערג, ביאַליס, גרינבערג און מעקס קאָהען, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דורכצוקוקען די אַריינגעקומענע קלעימס פאַר טויטען בענעפיט פון יורשים פון מיטגלידער, וועלכע זיינען געשטאָרבען נאָך דעם ערשטען יולי, און אין זייער אַנוועזענהייט האָט וויס-פּרעזידענט וואַנדער איבערגעגעבען די ערשטע טשעקס צו די באַרעכטיגטע.

לויט דער ערקלערונג פון דער קאָמיטע, איז דורך דעם ערשטען חודש זינט די צאָלונגען זיינען אַריין אין קראַפט, דורכ׳ן חודש יולי, אַריינגעקומען 24 קלעימס. די קאָמיטע האָט די אַלע קלעימס דורכגעקוקט און גוטגעהייסען די וואָס זיינען באַרעכטיגט צו בענעפיטס. די טשעקס זיינען גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרען.

די קאָמיטע האָט באַשטימט היימאַן סקולמאַן פון אינטערנעשאָנעל אָפיס אַלס סעקרעטער פון דעם טויטען בענעפיט דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנעל, אָנצופירען די אַרבייט פון דעם דעפּאַרטמענט אונטער׳ן אויפזיכט פון דר קאָמיטע. די קאָמיטע האָט אויך פאַנאַנדערגעשיקט די רולס און רעגולאַציעס פון דעם פאָנד צו אַלע לאָקאַל סעקרעטערס פון דער יוניאָן און אויך די נויטיגע בלאַנקס אויסצופילען פאַר די מיטגלידער. די מעמבערס פון דער יוניאָן דאַרפען זיך באַקענען מיט די רעגולאַציעס פון דעם פאָנד. זיי קענען קריגען אינפאָרמאַציע אין אָפיס פון דער לאָקאַל יוניאָן צו וועלכער זיי באַלאָנגען.

## לויבט די „יוניטי הויז"

ווערטער רעדאַקטאָר „גערעכטיגקייט":

בין גאָר וואָס צוריקגעקומען פון אַ וואַקיישאָן אין „יוניטי הויז" און קען זיך ניט צוריקהאַלטען פון אויסדריקען מיין באַוואונדערונג, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפען אַזוי וועניג קלאָוקמאַכער. ס׳איז אמת, אַז מיר קלאָוקמאַכער, ווי די אַרבייטער פון דער גאַנצער נאָדעל-טרייד אינדוסטריע, לעבען איצט איבער אַ שרעקליך ביטערע צייט פון אַרבייטסלאָזיגקייט. דאָך ווייס איך פון פילע קלאָוקמאַכער, וואָס פאָרען אויף אַ פּאָר וואָכען אין קאָנטרי און קומען ניט אין זייער אייגענער היים, וועלכע איז אַזוי פּראַכטפול באַצויבערענד אין נאַטור-לאַנדשאַפט ווי אויך אַזוי באַקוועם איינגעאָרדענט אויסצורוען די צושרויפטע נערווען פון שטאָטישען לעבען.

איך האָב ניט גענוג ווערטער צו שילדערען די שיינקייט אַרום לעיק, וואו עס שימערירט דאָס קריסטאַל-קלאָרע וואַסער פון צווישען די ביימער, און ווען די נאַכט פאַלט-צו שפּיגעלט זיך די לבנה אין טייך באַשאַטענט פון די ביימער אַרום ווי אין אַ פּיאַלעטעווער ראַם. מען קען קיין מאָל אַזעלכע זילבערנע נעכט ניט פאַרגעסען. עס ווילט זיך איינפאַך אויסשרייען: פאַר-וואָס? פאַרוואָס זאָלען ניט אַלע אויסגעמוטשעטע, אויסגעהאָרעוועטע אַרבייטער פון שטאָט קענען געניסען אַ ביסעל גליק כאָטש אויף אַ ווײַלע בלויז? פאַרוואָס זאָלען אונזערע יוניאָנס ניט אויפמונטערען זייערע מיטגלידער צו פאָרען און געניסען אַביסעל פון זייער וואונדער-שיינער אייגענער היים?

אמת, די צייט איז אַ שלעכטע. אָבער מיר, קלאָוקמאַכער, ווייסען פון פילע ברידער אונזערע וואָס באָרגען געלט צו שפּילען אַ קאָרטעל אין שאַפּ דורך דער סלעק-צייט און פאַרלירען דאָס געלט און אויך זייער געזונט. טאָ, אויב שוין יאָ באָרגען, וואָלט דאָך געווען פיל בעסער צו נוצען דאָס געלט פאַר׳ן אייגענעם געזונט און גייסט און אָפּערהאָלונג פאַר אַ וואָך אָדער כאָטש פאַר אַ פּאָר טעג אין יוניטי הויז, פון וואַנען מען קומט צוריק אַ נייער מענש מיט נייע קרעפטען.

מ. מילגרוב, מעמבער לאָקאַל 117.

## מיטגלידער געבעטען אַריינשיקען געשיכטע-מאַטעריאַלען צו אינטערנעשאָנאַל

דער ריסוירטש דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל בעט מיטגלידער און אַנדערע, וועלכע האָבען וועלכע עס איז מאַטעריאַלען איבער דער געשיכטע פון אונזער יוניאָן — אַלטע דאָקומענטען, דרוק-זאַכען אויסגאַבען, זשורנאַלען אָדער ענליכע אַרטיקלען — זיי זאָלען עס אַריינשיקען אין ריסוירטש דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל.

פילע עלטערע מיטגלידער האָבען אין זייער באַזיץ אַלטע צייטונגען און זשורנאַלען, וואָס די אינטערנעשאָנאַל אָדער די לאָקאַלס האָבען אַרויסגעגעבען — קאָפּיעס פון פּראָטאָקאָלען און אַנדערע דאָקומענטען. די זאַכען, צוזאַמען מיט ליפלעטס, יובילעאום אויסגאַבען, אויפרופען און אַנדערע געדרוקטע מאַטעריאַלען ווערען געזאַמעלט און קלאַסיפיצירט פון דעם ריסוירטש דעפּאַרטמענט איינצושטעלען אַ פולשטענדיגען היסטאָרישען אַרכיוו פון די טעטיגקייטען פון דער א. ל. ג. וו. י.

פאַרנאַנדערגעוואָרפען ווי עס איז איצט איבער די היימען פון הונדערטע אַלטע מיטגלידער זיינען די מאַטעריאַלען איצטער ניט צוגענגליך צום עולם און זיינען אין געפאַר פאַרניכטעט צו ווערען וואָס עס וואָלט זיין אַן אונערזעצליכער שאָדען פאַר דער געשיכטע פון אונזער יוניאָן. דאָס צו פאַרמיידען מוזען די אַלע מאַטעריאַלען צוזאַמענגענומען ווערען אין איין פּלאַץ וואו זיי וועלען ווי געהעריג איז אָפּגעהיט ווערען.

צווישען די אַרטיקלען וואָס מיר זיינען באַזונדערס פאַראינטערעסירט צו באַקומען פאַר׳ן אַרכיוו זיינען: די „דזשאַסטיס" יאָרען 1920—1922; „גערעכטיגקייט" 1924; וועלכע ניט איז עקזעמפּליאָרען פון „גלייכהייט"; די „נייע פּאָסט"; „לא לאָטא די קלאַסע"; „דער וועקער"; „לידיס גאַרמענט וואָירקער"; „די קלאָוקמייקער"; „די לידיס ווייסטמייקער דזשורנאַל" און „די מעסענדזש".

מיטגלידער און פריינד פון דער יוניאָן, וואָס האָבען וועלכע עס איז אויסגאַבען אָדער דאָקומענטען וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער אינטערנעשאָנאַל און איהר געשיכטע ווערען געבעטען צו שיקען עס צום ריסוירטש דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, 3 וועסט 16טע סטריט. אַן אָפיציעלער רעסיט וועט געשיקט ווערען פאַר אַלע דערהאַלטענע מאַטעריאַלען.

**GERECHTIGKEIT**
**A LABOR JOURNAL**
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 9 September, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1926 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



צן מענשען וואלטען קענען לעבען מיט דער פילאזאפיע, אז זייערע אייגענע פערזענליכע צרות האבען קיין שום ווערט ניט אין פארגלייך מיט די צרות פון דער וועלט, וואלטען די קלאוקמאכער איצט אפילו ניט גערעדט וועגן דעם, וואס זיי האבען קיין ארבייט ניט, וואס זיי פארדינען ניט און האבען ניט מיט וואס צו לעבען. וואס פאר א ווערט האט דאס אין פארגלייך מיט דעם, וואס מענשען ווערען איצט אויסגעהרג'עט אין די טויזענטער אויף דעם גרויזאמסטען אופן און וואס די גאנצע מענשהייט לעבט איצט אין מורא פאר א זעהר דראהענדיגער וועלט-מלחמה, וואס קען זיין נאך שרעקליכער, שוידערליכער און בלוטיגער פון דער פריהערדיגער? נאר מענשען קענען מיט אט דער פילאסאפיע ניט לעבען. דער מענש טראכט פריהער פון אלץ וועגן זיינע אייגענע צרות, וועגן זיינע אייגענע נויטען און ליידען. ער פארגעסט ניט זיינע אייגענע צרות צוליב די צרות פון דער וועלט. עס איז דעריבער דאפעלט שלעכט.

און פעלקער זיינען ווי איינצעלנע מענשען. זיי טראכטען אויך פריהער ווי אלץ וועגן זיך און וועגן זייערע אייגענע אינטערעסען, אדער מען רעדט זיי איין, אז עס איז זייערע אינטערעסען. פארלויפיג זיינען נאך פאראן ווייניג מענשען, וואס קענען האבען מעהר אין זינען די מענשהייט ווי זיך אליין און עס זיינען נאר אויך פאראן ווייניג מענשען, וואס קענען אוועקשטעלען די אינטערנאציאנאלע אינטערעסען איבער די נאציאנאלע אינטערעסען.

נאר עס איז מאדנע, וואס די ערפארונג האט אונז געוויזען, אז מענשען, ניט בלויז איינצעלנע נאר די גרויסע מאסען קענען גאנץ באזונדערס באגייסטערט ווערען פאר אידייען, וואס האבען אין זינען די אינטערעסען און דאס וואוילזיין פון דער גאנצער מענשהייט. די ערפאהרונג האט אונז געוויזען, אז די מאסען קענען אזוי באגייסטערט ווערען פאר אט די אידייען, אז זיי זיינען גרייט מקריב צו זיין זייער לעבען פאר זיי. ווען פרעזידענט ווילסאן האט גערופען דאס אמעריקאנער פאלק זיך אריינצואווארפען אין דער וועלט מלחמה, האט ער ניט גערעדט וועגן די אינטערעסען פון אמעריקע, וועגן די גרויסע מאטעריעלע און עקאנאמישע פארלוסטען, וואס אמעריקע קען ליידען, ווען דייטשלאנד זאל געווינען די מלחמה, נאר ער האט גערעדט וועגן זיכער מאכען די וועלט פאר דעמאקראטיע. ער האט גערופען צו א קאמף פאר א הויכן אידעאל פון דער מענשהייט און ער האט מיט אט דעם רוף באגייסטערט די אמעריקאנער פאלקס-מאסען, ווייניגסטענס א גאנץ גרויסען טייל פון זיי.

אייגענטליך איז דאס געווען די איינציגע גוטע ערשיינונג אין דער גרעסטער, בלוטיגער וועלט-מלחמה. עס האט געוויזען, אז גרויסע מאסען מענשען קען מען באגייסטערן מיט אן אידעאל פאר דער מענשהייט און זיי זיינען גרייט מקריב צו זיין זייער לעבען פאר איהם. און דאס איז גראד באוויזען געווארען אין אמעריקע, אין דעם לאנד, וואס איז באטראכט געווארען אין דער וועלט פאר אזוי מאטעריאליסטיש און אז די מענשען דארטען האבען ניט קיין אנדער זאך אין זינען ווי מאטעריעלע אינטערעסען. די צרה איז נאר געווען, וואס אין דער אמת'ן איז די וועלט-מלחמה געווען ווייניגער ווי אלץ א קאמף צו זיכערען די וועלט פאר דעמאקראטיע. ווי נאר די מלחמה האט זיך געענדיגט און דער אומגליקליכער פרידען פון ווערסאי איז אונטערגעשריבען געווארען, האט מען שוין געזעהן, אז די דעמאקראטיע אויף דער וועלט איז געווארען א סך ווייניגער זיכער ווי פאר דער מלחמה און אז די ענגע נאציאנאליסטישע אינטערעסען האבען זיך געשטארקט איבער די אלגעמיין מענשליכע אינטערנאציאנאלע אינטערעסען.

דער נאציאנאליזם האט זיך געשטארקט אין א ל ע לענדער, ניט בלויז אין די, וואס זיינען פארפעסטעט געווארען מיט פאשיזם און נאציאנאליזם. און עס איז אט דער ענגהארציגער נאציאנאליזם, וואס באהערשט איצט אלע פעלקער, וואס האט געשאפען די גרויסע געפאהר פאר דער דעמאקראטיע פון דער וועלט.

אלע ווייסען און אלע ריידען, אז היטלער און מוסאליני זיינען די געפאהר פאר דעם פרידען און פאר דער דעמאקראטיע פון דער וועלט, אבער זיי וואלטען עס ניט געווען, ווען די לענדער, וואו די דעמאקראטיע האט נאך א היים וואלטען ניט געווען אזוי ענגהארציג נאציאנאליסטיש און וואלטען ניט געטראכט בלויז וועגן זייערע אייגענע נאהענטע אינטערעסען פון היינט און פון באלדיגען מארגען.

היטלער און מוסאליני וואלטען ניט געקענט שטעלען אין געפאהר דעם פרידען און די דעמאקראטיע פון דער וועלט, ווען אלע דעמאקראטישע לענדער וואלטען זיך פאראייניגט צו באשיצען פרידען און די דעמאקראטיע. און פאראייניגט אזוי, אז היטלער און מוסאליני זאלען וויסען, אז עס מיינט א פאראייניגטע באוואפענטע מאכט, וואס איז אין יעדען מאמענט פון געפאהר גרייט גענוצט צו ווערען. מוסאליני וואלט דעמאלט ניט גענומען עטיאפיע; יאפאן וואלט ניט געגאנגען אין כינע און היטלער וואלט איצט ניט גע־דראהעט די וועלט מיט א בלוט-באד וועגן זיינע „ברידער"-דייטשען אין טשעכאסלאוואקיע.

טשעמבערלעין, דער פרעמיער מיניסטער פון ענגלאנד וואלט זיך ניט געדארפט דערנידעריגען און פליהען צו היטלער'ן זיך בעטען ביי איהם, אז ער זאל פארמיידען א נייע וועלט-מלחמה. ער וואלט די דערנידערונג זיך געקענט פארשפארען, ווען ער וואלט היטלער'ן געלאזט וויסען קלאהר און שארף, אז אן אנגריף אויף טשעכאסלאוואקיע מיינט א מלחמה מיט ענגלאנד. ווען טשעמבערלעין זאגט אט-די קלאהרע ווערטער היטלער'ן מיט עטליכע חדשים צוריק, ווי היטלער האט נאר אנגעפאנגען צוצוגרייטען א נאצי-אויפשטאנד פון די זודעטען דייטשען אין טשעכאסלאוואקיע, וואלט מען היינט ניט געדארפט לעבען אין שרעק, אז יעדע מינוט קען אויסברעכען א וועלט-מלחמה. היטלער איז ווייט ניט אזוי משוגע ווי מען פראבירט איהם פארשטעלען, אז ער וועט אראפשפרינגען פון דאך, כדי אלעמען אויף להכעיס גע'הרג'עט צו ווערען. ווען היטלער ווייס, אז ענגלאנד, פראנקרייך און סאוועט-רוסלאנד זיינען פאראייניגט אים ניט צו לאזען באפאלען טשעכאסלאוואקיע וואלט ער אפילו אויפגעהערט צו סטראשען, אז ער שפרינגט פון דאך.

איז אבער די מעשה, אז טשעמבערלעין האט זיך זיינע ענגלישע חשבונות. ער איז מעהר פאראינטערעסירט, אז זיין קאנסערוואטיווע פארטיי זאל אנהאלטען ווייטער די רעגירונגס מאכט אין ענגלאנד, איידער אויפצוהאלטען ווייטער די דעמאקראטיע פון דער וועלט. און באלד דארפן טאקע זיין וואלען אין ענגלאנד. טשעמבערלעין וועט אין די וואהלען קענען פיגורירען אלס א פרידענס-מלאך. נאר כדי צו שפילען די ראלע פון א פרידענס-מלאך דארף פריהער זיין א געפאהר פון מלחמה. און מיט היטלער'ן איז טשעמבערלעין סתם ניט צוקריגט. היטלער'ס נאציזם שטערט ניט זיין רוה. און אויב טשעכאסלאוואקיע וועט דארפען באצאהלען פאר טשעמבערלעין'ס פאליטישע מאנעווערס, וועט טשעמבערלעין'ס געוויסען איהם דערפאר ניט באאונרוהיגען. עס איז מעגליך, אז טשעמבערלעין'ס פאליטיק געהט אין דער ריכטונג, אז טשעכאסלאוואקיע זאל אויפהערען שפילען א ראלע אין דער פאליטיק פון איירָאפּע. עס וועט דערמיט צוריסען ווערען די קייט, וואס פארבינדט פראנקרייך מיט סאוועט-רוסלאנד. פראנקרייך וועט זיך דערביי מוזען פיהלען מעהר אפהענגיג פון ענגלאנד.

נאר עס איז דא ניט מיין צוועק אויפצוקלערען טשעמבערלעינס פאליטיק. אייגענטליך דארף מען אויך אויפקלערען די פראנצויזישע פאליטיק, וואס פאלגט נאך ענגלאנד. האט דאך די פראנצויזישע רעגירונג געהאט די פולע פארזיכערונג פון סאוועט רוסלאנד, אז זי וועט שטיין ביי איר וואָרט צו העלפען פראנקרייך באשיצען טשעכאסלאוואקיע. אבער וואס איז שייך צו דער פאליטיק, וואס איז פארבונדען מיט דער איצטיגער טראגישער לאגע פון טשעכאסלאוואקיע קען זי זיך אפשר נאך אין דער לעצטער מינוט בייטען. עס קען זיין, אז די לאגע וועט זיין א גאנץ אנדערע, ווען אט די שורות וועלען זיין אפגעדרוקט. איך האב דא בלויז געוואלט אנווייזען אויף די אורזאכען, וואס האבען געפירט צו דער טראגישער לאגע, ווייל די אורזאכען זיינען נאך טרויעריגער ווי די לאגע גופא.

❀

און אויך אונזער אמעריקא האט געקענט צולייגען א האנד איינצוצאמען די חוצפה פון פאשיזם און נאציזם, וואס דראהען די וועלט מיט א שטענדיגער געפאהר.

אמעריקע האט ניט נויטיג צו געהן אין מלחמה צו מאכען די וועלט זיכער פאר דעמאקראטיע. עס איז גענוג, אז זי וועט אפען און קלאהר ערקלערען, אז זי שטעהט פעסט מיט די דעמאקראטישע לענדער פון דער וועלט אפצוהיטען דעם פרידען פון דער וועלט און ניט דערלאזען, אז עס זאל זיך פארשפרייטען די פאשיסטישע און נאצישע הערשאפט פון רויב און מארד. מוסאליני און היטלער וואלטען פארשטאנען ווי אפצושאצען די ערקלערונג פון אמעריקע. זיי ווייסען, אז אמעריקע האט א סך געלד, א סך פראדוקטען, רוי-מאטעריאלען, מאשינען א. אז. וו. וואס קענען זיין א גרויסע הילף פאר איהרע פריינד אין א מאמענט פון נויט.

פרעזידענט רוזוועלט און זיין סעקרעטאר פאר אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען מר. האל, האבען פרא־בירט א פאר מאל עפעס זאגען, אז זיי קענען ניט

---

באלעבאטים דארפען זיך לערנען ביי זייערע ענגלישע ברידער ווי עס דארפען זיין די באציאונגען צווישען די ארבייטס-געבער און זייערע ארבייטער.

איז אבער די מעשה, וואס די אמעריקאנער באלעבאטים זוכען ניט צו לערנען די בעסערע זאכען פון ענגלאנד, נאר די ערגערע. די אמעריקאנער באלעבאטים האבען געוואוסט, אז אין ענגלאנד עקזיסטירט שוין פון לאנג א גאנץ ברייטע סאציאלע געזעצגעבונג, ווי ארבייטסלאזען - פארזיכערונג, עלטערס - פענסיע א. א. וו. אבער דאך האבען די אמעריקאנער באלעבאטים זיך ניט געוואלט לערנען פון ענגלאנד און האבען געקעמפט מיט אלע זייערע כוחות געגען סאציאלער געזעצגעבונג, און זיי זיינען נאך היינט די גרעסטע שונאים פון פרעזידענט רוזוועלט דערפאר, וואס אונטער זיין אדמיניסטראציע זיינען אזעלכע נייעסען ווי ארבייטער-געזעצען געמאכט געווארען.

עס איז אונזער מיינונג, אז אפילו אין ענגלאנד וואלט עס בעסער געווען פאר די ארבייטער, ווען עס וואלט געווען א געזעץ וועגן קאלעקטיווע פארהאנדלונגען. מעגען די ענגלישע באלעבאטים זיין קליגער, פראקטישער און ציוויליזירטער ווי די אמעריקאנער באלעבאטים. אבער עס איז דאך זיכערער פאר די ארבייטער ווען זיי קענען זיך אנשפארען אויף א געזעץ. אבער וואס עס זאל ניט זיין וועגן דער מיינונג וועגן דער נויטיגקייט פון אזא געזעץ אין ענגלאנד. קען דאך ניט זיין קיין מיינונגס-פארשידענהייט וועגען דעם, אז ער איז נויטיג אין אמעריקע. קעמפען דאך אמעריקאנער באלעבאטים געגען קאלעקטיווע פארהאנדלונגען אפילו איצט, נאכדעם ווי דער וואגנער-געזעץ איז איינגעפירט געווארען. דינגען דאך נאך היינט אמעריקאנער באלעבאטים ארבייטער-שפיאנען, סקעבס, באוואפענטע מערדער, כדי צו שטערען זייערע ארבייטער זיך צו ארגאניזירען אין יוניאנס און צו ברעכען זייערע סטרייקס.

❀

## די ערשטע אויסצאָלונג פון פאַנד טויטען-בענעפיט

עס איז א פארדראס, וואס ביי די ערשטע אויסצאלונגען פון טויטען-בענעפיט, וואס די אינטערנעשאנעל האט איינגעפירט, האבען איינצע געמוזט צוריקגעוויזען ווערען צוליב ריקשטענדיגקייט אין צאלען פון דיוס.

לויט די פארשריפטען פון דעם טויטען-בענעפיט-פאנד, ווערט אט דער בענעפיט אויסגעצאלט צו די יורשים פון א מיטגליד פון דער יוניאן, וואס איז אין דער צייט פון זיין טויט געווען גוט-שטעהענד אין דער יוניאן, עס הייסט, ווען ער איז געווען שולדיג דיוס צו דער יוניאן ווייניגער ווי פאר 13 וואכען. ליידער, זיינען די פארשטארבענע מיטגלידער, וואס דער טויטען בענעפיט איז צוריקגעוויזען געווארען זייערע יורשים, שולדיג געווען דער יוניאן דיוס מער ווי עס איז זיי גע־ווען ערלויבט.

די פונקטען וועגען אויסצאלען טויטען בענעפיט מוזען שטרענג אפגעהיט ווערען. עס איז א פארזיכערונגס-פאנד, וואס זיינע געזעצען מוזען אפגעהיט ווערען, ווייל אז ניט וועט דער פאנד ניט קענען עקזיסטירען.

די מיטגלידער פון דער יוניאן דארפען זיך גע־מען די מיה באקאנט צו ווערען מיט אלע פארשריפטען פון דעם דערמאנטען פאנד און אז אויך זייערע פאמיליעס זאלען עס וויסען.

פריער געלערנט פון מוסאָליני׳ן פאַשיזם און איצט האָט מוסאָליני געלערנט ביי זיין תלמיד אַנטיסעמיטיזם.

די אידען אין איטאַליע וועלן עקאָנאָמיש ווייניגער ליידען פון מוסאָליני׳ס אַנטיסעמיטיזם ווי די אידען אין דייטשלאַנד פון היטלער׳ס. אָבער מאָראַליש איז עס פאַר זיי זייער אַ שווערער קלאַפּ. עס איז אַ שווערער מאָראַלישער קלאַפּ פאַר אַלע אידען.

דער פאַשיסטישער אַנטיסעמיטיזם אין איטאַליע האָט אַ גאַנץ באַזונדערע באַדייטונג פאַר די אידען אין אַמעריקע, הויפּטזעכליך פאַר די אידישע אַרבייטער מאַסען, וואָס קומען דאָ אין אַזאַ נאָענטער באַרירונג מיט די איטאַליענער.

עס איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז צווישען די איטאַליענער אין אַמעריקע זיינען פאַראַן אַסך פאַשיסטען. און זאָל מען זיך ניט שעמען אויסצוזאָגען, אַז זיי געפינען זיך אויך צווישען די היגע איטאַליענישע אַרבייטער־מאַסען — ווייניגער אָפענע, ווי באַהאַלטענע. דער אָפיציעלער אַנטיסעמיטיזם פון דעם פאַשיזם אין איטאַליע וועט ממילא אויך געפינען אַן אָפּקלאַנג ביי אַ געוויסער צאָל איטאַליענער אין אַמעריקע. עס איז אַ פראַגע, וואָס דאַרף אויך פאַראינטערעסירען אונזער יוניאָן.

און ווען מיר קומען צו אונזער יוניאָן, וואָס ווערט נאָך, צוליב איר אַלטער טראַדיציע, על פי טעות אויך נאָך היינט באַטראַכט פאַר אַ אידישער, קען מען זאָגען, אַז דער אידישער עלעמענט אין איר איז אין לעצטען יאָר נאָך שוואַכער געוואָרען.

עס קומען ניט צו קיין נייע אידישע קלאָוקמאַכער אָדער דרעסמאַכער, נאָר עס קומען גיכער אָפּ. דער נאָדעל־טרייד, וואָס איז אַמאָל געווען אַ אידישער, ווערט מיט יעדען יאָר ווייטער אַלץ ווייניגער אַ אידישער. און דערמיט ענדערט זיך אויך דער כאַראַקטער פון דעם טרייד. פאַר די אידישע אַרבייטער, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען אין טרייד, פאַר די אַלטע באַלמעלאָכעס איז עס אַ טראַגעדיע.

עס איז געווען אַ שלעכט יאָר פאַר אידען, און לאָמיר האָפען, אַז מיט זיין ענד וועלען זיך אויך ענדיגען אַלע צרות וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. מיר ווינשען, אַז דאָס נייע אידישע יאָר, וואָס האָט זיך איצט אָנגעפאַנגען, זאָל זיין אַן אָנפאַנג פון אַ בעסערער מענשליכער צייט. אין אַ בעסערער מענשליכער צייט וועט שוין ממילא אויך זיין בעסער פאַר אידען.

דאָס אידישע פאָלק האָט פון זיין ערפאַרונג געלערנט, אַז זיין גורל איז ענג פאַרבונדען מיט דעם פּראָגרעס פון דער גאַנצער מענשהייט. אין די פּראָגרעסיווע לענדער לעבען די אידען זיכערער און רואיגער. דאָס איז אַ כלל אָהן אַן אויסנאַם. די אידען ווייסען אויך גאַנץ גוט, אַז זייערע פריינד, זייערע פאַרטיידיגער און באַשיצער געפינען זיי שטענדיג צווישען די פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע עלעמענטען אין יעדען לאַנד. אונזער וואונש איז דעריבער, אַז די מענשהייט זאָל ווערען פּראָגרעסיווער, בעסער און מענשליכער און דאָס וועט שוין ממילא אויך מיינען אַ בעסער יאָר פאַר אידען.

* * *

## דער 21סטער געבורטסטאָג פון אונזער בילדונגס־דעפּאַרטמענט

אונזער בילדונגס דעפּאַרטמענט האָט דעם 23טען סעפּטעמבער געפייערט זיין 21־יעריגע עקזיסטענץ.

עס איז אָנגענומען, אַז 21 יאָר איז דער עלטער פון דערוואַקסענקייט, רייפקייט, מאַטוריטעט. אַזוי האָט עס אויך די פאַרוואַלטונג פון דעם בילדונגס דעפּאַרטמענט אַ נאָמען געגעבען דעם 21טען געבורטסטאָג, וואָס ער האָט געפייערט.

דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנעל איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1917, לויט אַ באַשלוס פון דער קאָנווענשאַן פון דער יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיע אין 1916.

דער אָנפאַנג איז געווען קליין און אָרים. די גרינדונג איז פאָרגעקומען אין אַ קליינעם קלאַס־צימער פון דער וואַשינגטאָן אירווינג הײַ־סקול, צו וועלכער עס איז געקומען אַ קליינע צאָל מיטגלידער פון דער יוניאָן, אָבער מיט אַ סך באַגייסטערונג און גלויבען. דאָס ווייזט דער נאָמען „אַרבייטער אוניווערסיטעט“, וואָס די פאַרוואַלטער האָבען די ניי־געגרינדעטע אינסטיטוציע אַ נאָמען געגעבען.

דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנעל, מיט דער גרויסער צאָל פאַרשידענע קלאַסען, לעקציעס און פאַרשידענע אַנדערע בילדונגס־אַרבייטען, האָט ער פירט אַז, וואָלט היינט געקאָסט פאַרגעסן די באַנגע וואַשינגטאָן אירווינג הײַ סקול. אָבער ווען ניט דער קליינער, אָרימער אָנפאַנג פון 21 יאָר צוריק, וואָלטען מיר ניט געוואוסט דעם גרויסען, רייכען בילדונגס־דעפּאַרטמענט, וואָס מיר האָבען היינט.

די אינטערנעשאָנעל האָט אין די 21 יאָר דורכגעלעבט אַ סך שווערע צייטען. עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען די לאַגע איז געווען אַזוי קריטיש, אַז די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער אינטערנעשאָנעל איז געשטאַנען אין געפאַר. אָבער דאָך, אין די ערגסטע צייטען פון דער אינטערנעשאָנעל, האָט זי דעם בילדונגס דעפּאַרטמענט ניט אויפגעגעבען. עס זיינען אין מאָמענטען פון גרויסער נויט צייטווייליג אויפגעגעבען געוואָרען פאַרשידענע אינסטיטוציעס, וואָס די אינטערנעשאָנעל האָט אויפגעהאַלטען, אָבער ניט דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט. זיין טעטיגקייט האָט, נאַטירליך, אין די צייטען פון גרויס נויט געמוזט באַשרענקט ווערען, אָבער ער האָט עקזיסטירט און האָט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג, אָפט איבער זיינע כוחות, פאָרגעזעצט זיין אַרבייט. דאָס איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס קען געמאַכט ווערען דער אינטערנעשאָנעל און איר בילדונגס דעפּאַרטמענט.

דער בילדונגס דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנעל, מיט זיין גרויסען פאַרנעם, מיט זיינע פאַרשידענע טעטיגקייטען אויף פאַרשידענע געביטען, ווערט באַטראַכט פאַר אַ מוסטער איבער׳ן גאַנצען לאַנד.

נאָר מיר דענקען ניט, אַז מיט זיין עלטער־רייפקייט אָדער מאַטוריטעט, וואָס ער האָט דערגרייכט צו זיין 21־יעריגען געבורטסטאָג, האָט ער שוין אויך דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון זיין וואוקס און פון זיין טעטיגקייט. מיר גלויבען פיל מער, אַז מיט דער רייפקייט פון יאָרען, וואָס ער האָט דערגרייכט, מיט דער גרויסער מאָס ערפאַרונג, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אין די 21 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, וועט זיין אַרבייט, זיין טעטיגקייט זיך אַלץ מער אַנטוויקלען און פאַרשפּרייטען און וועט ווערען נאָך פרוכטבאַרער און ערפאָלגרייכער, ווי ביז איצט.

דער בילדונגס דעפּאַרטמענט איז דער שטאָלץ פון דער אינטערנעשאָנעל און מיר האָפען און ווינשען, אַז די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג און וואוקס פון דעם בילדונגס דעפּאַרטמענט און זיין טעטיגקייט וועט פאַרשאַפען דער אינטערנעשאָנעל נאָך מער כבוד, רום און אָנערקענונג, ווי ביז איצט.

* * *

## אַ בריף פון דער דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן

עס זעהט אויס, אַז די דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן אין ניו יאָרק האָט אָנגעפאַנגען גאַנץ באַצייטענס זיך צו גרייטען צו די קאָנפערענצען מיט דער דרעסמאַכער יוניאָן וועגען באַנייען דעם אַגרימענט. דאָס אייגענטליך וואָלט געווען גאַנץ לויבענסווערט. די פאַרהאַנדלונגען ווערען געפירט גלאַטער און זאַכליכער ווען ביידע צדדים זיינען פאַר זיי ווי געהעריג צוגעגרייט. עס איז אָבער גאָרניט לויבענסווערט דער וועג ווי אַזוי די דרעס מאַנופעקטשורערס גרייטען זיך. פיל מער, עס קוקט אונז אויס צו זיין גאַנץ פאַרדעכטיג.

מר. מאָרטימער לאַנזיט, דער עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער נעשאָנעל דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן, האָט נעמליך געמאַכט קאָפּיעס פון אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבען צו די מיטגלידער פון דער אַסאָסיאיישאַן, און זיי אַרויסגעשיקט צו פאַרשידענע ביזנעסלייט, ריעל עסטייט פירמעס און כלל טוער. אין דעם בריוו ווערט נעמליך ערקלערט, אַז די דרעס אינדוסטריע פון ניו יאָרק ליידט זעהר שטאַרק פון דער קאָנקורענץ פון די אויט־אָוו־טאַון שאַפּער, וואו פאַר אַרבייט ווערט געצאָלט נידעריגע פרייזען. אין דעם בריוו ווערען אויך אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע פון די אויט־אָוו־טאַון קאָנקורענץ אָנגערירט אינערליכע פראַגען פון דער יוניאָן, וועגען וועלכער מר. לאַנזיט זאָגט אַרויס זיין קריטישע מיינונג.

מיר וועלען דאָ איצט ניט פאַרפירען קיין דיסקוסיע מיט מר. לאַנזיט וועגען די פראַגען, וואָס ער באַרירט אין זיין בריוו. אונז אינטערעסירט אין דעם מאָמענט צו וויסען צוליב וועלכען צוועק מר. לאַנזיט האָט געשיקט קאָפּיעס פון זיין בריוו אין דער „ווייטער וועלט“ אַריין. צו וואָס דאַרפען עס וויסען די כלל טוער פון ניו יאָרק און די ריעל עסטייט פירמעס, וואָס ער האָט צו זאָגען וועגען דער דרעסמאַכער יוניאָן און וואָס זי דאַרף טאָן? וועגען דעם קען ער זיך דורכרעדען מיט די פירער פון דער יוניאָן, ווען ער און די מיטגלידער פון זיין אַסאָסיאיישאַן וועלען זיך מיט זיי צוזאַמענקומען אויף אַ קאָנפערענץ. אונז שיינט דעריבער, אַז די דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן, אונטער דער פירערשאַפט פון מר. לאַנזיט, גרייט זיך צו עפּעס פאַר וואָס זי וויל געווינען די עפענטליכע מיינונג אויף איר זייט. דער בריוו האָט, אַלזאָ, דעם צוועק צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדע געגען דער יוניאָן אין דער אויסען־וועלט.

אָבער אויב מר. לאַנזיט און די דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן שאַצען יאָ אָפּ דעם ווערט פון דער עפענטליכער מיינונג, קענען מיר זיי פאַרזיכערען, אַז די יוניאָן האָט אַ סך מער צו זאָגען פאַר דער עפענטליכער מיינונג און ווען זי וועט זיך פילען געצוואונגען וועט זי עס זאָגען. מיר גלויבען אָבער, אַז די באַנייאונג פון דעם אַגרימענט צווישען די דרעס מאַנופעקטשורערס און צווישען דער דרעסמאַכער יוניאָן וועט פאָרקומען אויף אַ פרידליכען אופן, ווייל עס גלויבט זיך אונז ניט, אַז די מאַנופעקטשורערס וועלען אין דער איצטיגער צייט זיך וועלען פאַרוויקלען אין אַן אָפענעם קאַמף מיט דער יוניאָן. און ווען די פאַרהאַנדלונגען זיינען פרידליכע איז עס ניט נויטיג צו אַפּעלירען צו דער עפענטליכער מיינונג און אויפצורודערן די וועלט.

* * *

## אַן אַנטוישונג פאַר אַמעריקאַנער באַלעבאַטים

פּרעזידענט רוזוועלט׳ס קאָמיסיע צו שטודירען די באַציאונגען צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל אין ענגלאַנד און אין שוועדען האָט געבראַכט אַ שלעכטען גרוס פאַר די יוניאָן פרעסער אין אַמעריקע.

די קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרען הויפּטזעכליך אויף דעם פאַרלאַנג פון די באַלעבאַטים. זיי האָבען נעמליך געהערט, אַז אין ענגלאַנד האָבען די אַרבייטער יוניאָנס ווייט ניט אַזוי פיל פרייהייט ווי אין אַמעריקע, נאָר זיי ווערען שטאַרק געצאַמט דורכ׳ן געזעץ. זיי האָבען געהערט, אַז דאָס געזעץ אין ענגלאַנד פאַרבאָט סימפּאַטיע סטרייקס; אַז דאָס געזעץ אין ענגלאַנד הייסט די יוניאָנס צאָלען פאַר שאָדען צו די באַלעבאַטים, ווען אַן אָפּמאַך ווערט געבראָכען; אַז פּיקעטען אין דער צייט פון סטרייק איז ערלויבט בלויז צו די סטרייקענדע אַרבייטער פון דער פירמע, געגען וועלכער דער סטרייק ווערט געפירט און אַז די יוניאָנס אין אַלגעמיין מיט זייער פאַרמעגען שטעהען אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון דער רעגירונג. און אויב עס איז אַזוי אין ענגלאַנד, טאָ פאַרוואָס זאָל עס אויך ניט זיין אַזוי אין אַמעריקע?

איז די קאָמיסיע, אונטער דער פירערשאַפט פון דזשעראַרד סוואָפּ, פון דער דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני, געפאָרען, האָט געשטודירט און געפאָרשט און געבראַכט אַ באַריכט, אַז די אַלע גוטע זאַכען, וואָס מען האָט די אַמעריקאַנער באַלעבאַטים דערציילט וועגען די יוניאָנס אין ענגלאַנד, זיינען ניט אינגאַנצען אמת. ערשטענס, איז ניט אמת, אַז סימפּאַטיע סטרייקס זיינען פאַרבאָטען. די קאָמיסיע האָט אויסגעפונען, אַז אין די יאָרען 1934, 1935 און 1936 האָבען 120 טויזענט אַרבייטער אָנטייל גענומען אין סימפּאַטי סטרייקס. צווייטענס, איז עס אויך ניט אמת, וואָס מען האָט די אַמעריקאַנער באַלעבאַטים דערציילט וועגען דעם ווער עס מעג פּיקעטען אין דער צייט פון אַ סטרייק אין ענגלאַנד; דריטענס, האָט מען זיי אַ רעכט ביסעל איבערטריבען וועגען דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פון יוניאָנס פאַר שאָדען און וועגען דעם קאָנטראָל פון דער רעגירונג איבער די יוניאָנס און זייערע פאַרמעגענס. קורץ און גוט, די באַלעבאַטים אין אַמעריקע האָבען ניט וואָס אַזוי שטאַרק מקנא צו זיין די באַלעבאַטים אין ענגלאַנד.

אָבער דאָס איז ניט די איינציגע אַנטוישונג פאַר די באַלעבאַטים אין דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע. אַ צווייטער אונאָנגענעמער פּונקט אין דעם באַריכט איז, אַז אין ענגלאַנד האָבען די באַלעבאַטים זיך אַזוי צוגעוואוינט צו קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען מיט די יוניאָנס פון זייערע אַרבייטער, אַז זיי פּרובירען אפילו ניט קעמפען געגען דעם. ניטאָ צווישען די באַלעבאַטים אין ענגלאַנד אַזעלכע ווי טאָם גירדלער, הענרי פאָרד און זייערע גלייכען. די באַלעבאַטים אין ענגלאַנד דינגען ניט קיין אַרבייטער־שפּיאָנען, סטרייקברעכער און באַוואָפענטע שלעגער. זיי האָבען זיך איבערצייגט פון זייער לאַנגער ערפאַרונג, אַז זיי מוזען פאַרהאַנדלען מיט די יוניאָנס פון זייערע אַרבייטער און זעהען מיט זיי דורכצוקומען. אין ענגלאַנד איז דעריבער אפילו ניט נויטיג קיין געזעץ, וואָס צווינגט צו פירען קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען. די באַלעבאַטים טוען עס שוין לאַנג אָהן אַ צווינגענדען געזעץ. עס הייסט, אַז די אַמעריקאַנער

# דער שטונדען־שכירות געזעץ גייט אריין אין קראפט

(וואס די ארבייטער וועלען געווינען דורך אים)

פון ש. פארבער

ער „פעיר לעיבאר סטענדערדס עקט", דער געזעץ צו באשטימען מאקסימום ארבייטס שטונדען און מינימום שכירות פאר אלע ארבייטער אין אינטערסטעיט אינדוסטרי און קאמערץ, גייט אריין אין קראפט דעם 26טען אקטאבער. דער געזעץ, וועלכער איז אנגענומען געווארען אין ביידע הייזער פון קאנגרעס און איז געווארען געזעץ נאך א געראנגעל פון קארגע צוויי יאר, איז א היבש ביסעל פארערגערט און ארומגעשניטען געווארען אין פארגלייך אפילו מיט דעם געזעץ־פראיעקט וואס איז אנגענומען געווארען אין סענאט פאר־א־יארען. לויט דעם סענאט־פראיעקט, האט דער מינימום־לוין געזאלט גלייך זיין 40 סענט א שטונדע און די מאקסימום שטונדען ניט מער ווי 40 א וואך. לויט דעם אנגענומענעם געזעץ וועט דאס ערשטע יאר דער מינימום־לוין זיין בלויז 25 סענט א שטונדע און די מאקסימום ארבייטס־שטונדען וועלען זיין 44 א וואך; דעם צווייטען יאר, נאכדעם ווי דער געזעץ גייט אריין אין קראפט, וועלען די שטונדען געשניטען ווערען צו 42 א וואך און דער געהאלט וועט געהעכערט ווערען צו 30 סענט א שטונדע. דעם דריטען יאר וועט די ארבייטס־צייט ווידער געשניטען ווערען מיט צוויי שטונדען, צו 40 שטונדען א וואך, די שכירות אבער בלייבט די זעלבע, וואס מיינט, אז די ארבייטער וועלען באמת פארלירען צוויי שטונדען שכירות יעדע וואך. ערשט אין זיבען יאר ארום וועט די שכירות געהעכערט ווערען ביז 40 סענט א שטונדע און אפילו דעמאלט וועט עס אויך אפהענגען אן דער אדמיניסטראציאנס־באארד וועלכע וועט באשטיין פון א גלייכער צאל פארטרעטער פון ארבייטער, בעלי בתים און פון פובליקום מיט דעם אדמיניסטראטאר וואס דער פרעזידענט האט באשטימט אלס טשערמאן. די באארד האט די מאכט צו ענטשיידען אין יעדער אינדוסטריע אויב עס איז שוין צייט צו העכערען דעם מינימום־לוין פון די ארבייטער און אויף וויפיל איבער 25 סענט דאס זאל באשטימט ווערען.

וואס מיינט אט דער געזעץ פאר די ארבייטער אין שכירות און בדינגונגען?

לויט דעם מינימום וועט דאס ערשטע יאר אן ארבייטער קריגען א מינימום געהאלט פון עלף דאלאר א וואך פאר 44 שטונדען ארבייט; דאס צווייטע יאר $12.60 א וואך פאר 42 שטונדען ארבייט; דאס דריטע יאר און די אנדערע פיר יאר ביז דעם זיבעטען, אויב די מינימום געהאלט בלייבט דאס זעלבע און די שטונדען ווערען געשניטען צו 40 א וואך וועט דער געהאלט זיין 12 דאלאר א וואך. דאס העכסטע וואס דער געזעץ קען ברענגען די ארבייטער איז א געהאלט פון 16 דאלער א וואך פאר 40 שטונדען ארבייט.

אז אזא געזעץ איז ווייט פון זיין צופרידענשטעלענד פאר די ארבייטער, איז, גלויבען מיר, ניט נויטיג אנצואווייזען. גענוג צו דערמאנען, אז לויט די אויסרעכענונגען פון דעם „יונייטעד סטייטס דעפארטמענט אוו לייבאר" דארף אן ארבייטער האבען וועניגסטענס 16 דאלאר א וואך צו קענען זיך דורכלעבען מער אדער וועניגער אנשטענדיג. און דאס איז בלויז איינער וואס האט ניט מער ווי זיך אליין אויפצוהאלטען. פאר א פאמיליען־מאן אדער איינעם וואס דארף שטיצען נאך עמיצען איז אפילו דאס העכסטע וואס דער געזעץ פארשפרעכט די ארבייטער נאך זיבען יאר, ניט גענוג אויף דאס נויטיגסטע אפילו היינט צו טאג. וואס עס וועט זיין מיט זיבען יאר שפעטער, ווי עס וועט דעמאלט האלטען מיט פרייזען אויף לעבענס־מיטלען, איז נאטירליך שווער צו זאגען. די טענדענץ איז אבער, אז סחורות אין אלגעמיין ווערען ניט ביליגער נאר טייערער. ווי אזוי אן ארבייטער מיט א פרוי און קינדער וועט דאן קענען ערנערען זיך אויף אזוינע שכירות, ווייס אפשר בלויז גאט און די פאליטישענס וואס האבען אנגענומען דעם געזעץ.

טראץ דעם, אבער, איז דער געזעץ געשטיצט געווארען פון די ארבייטער יוניאנס, סיי פון דער סי.איי.או. און סיי פון דער א. פ. אוו ל. זיי האבען אים געשטיצט צוליב דעם כלל, אז „עס איז אלץ בעסער ווי גאר ניט". די ארבייטער פירער האבען געוואוסט, אז קיין בעסערען געזעץ וועט מען דורך דעם איצטיגען קאנגרעס ניט קענען דורכפירען. זיי האבען נאך געדענקט וואס עס האט פאסירט מיט דעם געזעץ־פראיעקט, וואס איז פאר־א־יארען אנגענומען געווארען אין סענאט און איז דערשטיקט געווארען אין דער רולס קאמיטע אין קאנגרעס. צו עטאבלירען וועניגסטענס דעם פרינציפ, אז די רעגירונג דארף רעגולירען די ארבייטס־באדינגונגען אין די אינדוסטריען, זיינען זיי איינגעגאנגען און האבען געארבייט פאר אבי וועלכען געזעץ אום צו מאכען אן אנהויב אויף דעם געביט.

איז דער ערשטער איינדרוק, אז די אמעריקאנער ארבייטער מאסען קענען גאר נישט ערווארטען קיין ממשות'דיגעס פון דעם געזעץ. ווען מען באטראכט אבער מיט וואס פאר א פארביסענקייט די אינדוסטריעלע מאגנאטען, ספעציעל די פון דער סאוטה, האבען דעם פראיעקט באקעמפט אין דער צייט וואס עס איז פארהאנדעלט געווארען אין קאנגרעס, און וואס פאר א ביטערע טרערען זייער פרעסע פארגיסט נאך איצט אויף דעם געזעץ, מוז מען קומען צום שלוס, אז מסתמא טוט זיי וועה, אז דער געזעץ מוז דאך אנרירען זייערע קעשענעס און דעריבער וועלען די ארבייטער דאך עטוואס געווינען דורך דעם געזעץ, ווייל געשעפטס־לייט וויינען זעלטען צוליב פרינציפען..

## די באלדיגע נוצען פאר די ארבייטער

אז די ארבייטער וועלען טאקע באדייטענד געווינען פון דעם שטונדען־שכירות געזעץ מיט אלע זיינע פעלערען, אויב גאר עס זאל באמת שטרענג דורכגעפירט ווערען, קען מען איינזען ווען מען קוקט נאך די באריכטען, וואס די „ביורא אוו לעיבאר סטאטיסטיקס" האט פארעפענטליכט איבער די ארבייטס־באדינגונגען אין פילע אינדוסטריען אין פארשיידענע געגענדען פון לאנד.

צוערשט נאטירליך וועלען פראפיטירען די ארבייטער, וועלכע ארבייטען נאך איצטער לענגערע שטונדען פאר קלענערע שכירות ווי די וואס דער געזעץ שרייבט פאר. אזוינע ארבייטער זיינען נאך דא אין לאנד א גאנץ באדייטענדע צאל. לויט דעם באריכט פון דער ביורא זיינען נאך פאראן אין די אינדוסטריען אין אמעריקא ארום 850,000 ארבייטער וואס קריגען וועניגער ווי 25 סענט א שטונדע און איבער צוויי מיליאן וואס ארבייטען מער ווי 44 שטונדען א וואך. די ארבייטער וועלען גלייך ווי דאס געזעץ גייט אריין אין קראפט קריגען קירצערע שטונדען און העכערע שכירות. אויפ'ן צווייטען יאר ווען די שטונדען וועלען געשניטען ווערען צו 42 און די שכירות וועלען געהעכערט ווערען צו 30 סענט וועט די צאל ארבייטער וואס וועלען דירעקט בענעפיטירען פון געזעץ ווערען נאך פיל גרעסער.

מען דארף אבער האבען אין זינען, אז לויט דעם איצטיגען געזעץ וועלען ניט די ארבייטער אין א ל ע אינדוסטריען דארפען ווארטען די גאנצע זיבען יאר ביז זיי וועלען דערגרייכען די פערציג שטונדען וואך און מינימום פון 40 סענט א שטונדע. דאס וועט אפהענגען פון דער קאמיסיע וואס עס וועט באשטימט ווערען פאר יעדער אינדוסטריע. די קאמיסיע, נעמענדיג אין אנבאטראכט די לאגע פון יעדער אינדוסטרי באזונדער, וועט אין די גרעניצען פון די מאקסימום שטונדען און מינימום שכירות וואס דער געזעץ ערלויבט, קענען באשטימען וואס עס הייסט „יושר'דיגע ארבייטס סטאנדארדס" אין דער אינדוסטרי און לויט דעם באשטימען די שטונדען און שכירות. אויב די קאמיסיע געפינט אז א געוויסע אינדוסטרי איז אימשטאנד שוין איצט איינצושטעלען בעסערע באדינגונגען, קען זי באשטימען גלייך פון אנהייב קירצערע שטונדען און העכערע שכירות ביז צום מאקסימום פון 40 שטונדען און 40 סענט א שטונדע.

לויט די ביז איצטיגע סמנים פון דער ערשטער קאמיסיע וואס איז באשטימט געווארען פאר דער טעקסטיל אינדוסטרי, וועלען זייער ווייניג אינדוסטריען זיך באנוגענען מיט דעם אבסאלוטען מינימום פון 25 סענט א שטונדע און א 44 שטונדען וואך. אין די מערסטע אינדוסטריען, ספעציעל אין אזוינע וואו כאטש א טייל פון די ארבייטער זיינען ארגאניזירט אין יוניאנס און די יוניאנס וועלען זיין פארטראטען אויף די קאמיטעס, וועלען די שטונדען און שכירות זיכער באשטימט ווערען העכער ווי דאס קלענסטע וואס דער געזעץ שרייבט פאר און די צאל ארבייטער וואס וועלען גלייך בענעפיטירען פון דעם געזעץ וועט דעריבער זיין פיל גרעסער.

ווען מען וויל אבער אפשאצען די נוצען וואס די ארבייטער וועלען האבען פון דעם שטונדען־שכירות געזעץ, קען מען עס ניט מעסטען בלויז מיט דער צאל ארבייטער וואס וועלען דורך דעם דירעקט קריגען קירצערע ארבייטס־שטונדען און העכערע שכירות. מען מוז אויך נעמען אין אנבאטראכט די וואס וועלען אינדירעקט האבען נוצען פון דעם געזעץ דורך דעם וואס די קאנקורענץ פון די סוועט שעפער אין זייערע טריידס וועט אפגעשוואכט ווערען. די צאל ארבייטער וואס וועלען אינדירעקט האבען נוצען פון דעם געזעץ וועט זיכער זיין פיל גרעסער ווי די וואס וועלען דירעקט באריהרט ווערען פון די באגרעניצטע ארבייטס־שטונדען און מינימום שכירות וואס דער געזעץ פירט איין.

לאמיר נעמען, צום ביישפיל, אונזער אייגענע פרויען קליידער אינדוסטריע, וועלכע איז צום גרעסטען טייל יוניאניזירט און די שכירות זיינען דעריבער פיל העכער ווי די געזעצליכע מינימומס וואס זיינען באשטימט פאר'ן ערשטען אדער צווייטען יאר. די גרעסטע מערהייט פון די ארבייטער אין דער אינדוסטריע וועלען דעריבער דירעקט ניט קענען בענעפיטירען פון דעם געזעץ. דאך זיינען נאך פאראן פילע פאבריקען אין פארשיידענע שטעט, וואו די שכירות זיינען נאך נידעריגער פון 25 סענט. אין אן אונטערזוכונג, וואס עס איז געמאכט געווארען פון דער פרויען ביורא פון דעם דעפארטמענט אוו לייבאר פון די פאראייניגטע שטאטען, זיינען צווישען אנדערע פארעפענטליכט די פאלגענדע פאקטען: אין א פאבריק פון קאטען דרעסעס אין איליניאי סטייט איז דער דורכשניטליכער פארדינסט פון די פרויען־ארבייטער געווען וועניגער פון 23 סענט א שטונדע; אין א פרויען קליידער פאבריק אין מיזורי איז די דורכשניטליכע פארדינסטען פון די ארבייטער געווען 23½ סענט א שטונדע; א פירמע אין מאסאטשוזעטס האט געצאלט דורכשניטליך 27 סענט א שטונדע צו אירע פרויען־ארבייטער און נאך וועניגער צו די מענער וואס זי האט באשעפטיגט. ענליכע שכירות ווערען אין דעם באריכט אנגעגעבען פון פאבריקען אין ניו דזשוירזי, פענסילווייניא און אהייא. ווען דער דורכשניט געהאלט פער שטונדע איז אזוי נידעריג אין די פאבריקען, מיינט עס אז עס זיינען דארט פאראן ארבייטער וועלכע קריגען נאך פיל וועניגער פון דורכשניט־לוין.

אויב דאס איז דער פאל אין פרויען קליידער־שעפער, אין אן אינדוסטריע וואס, ווי געזאגט די איבערוועגענדע מערהייט פון די ארבייטער זיינען ארגאניזירט און האבען דעריבער פארהעלטניסמעסיג העכערע סטאנדארדס קען מען שוין פארשטיין וואס די לאגע איז אין אזוינע אינדוסטריען ווי טעקסטיל און ענליכע וואו בלויז א קליינער פראצענט פון די ארבייטער איז ארגאניזירט אין יוניאנס און וואו די ארבייט־סטאנדארדס אפילו אין די יוניאן־שעפער איז זייער נידעריג.

די גאנצע פראבלעמע פון דעם איבערוואנדערען פון די אינדוסטריען פון די געגענדען וואו די ארבייטס־סטאנדארדס און שכירות זיינען העכער אין געגענדען וואו ארבייטס־קראפט איז ביליג; די פראבלעמען וואס מעטערען די עקאנאמיסטען פאר די לעצטע צוויי צענדליג יאר און וועלכע האבען פאראורזאכט אזא חורבן אין פילע געגענדען אין דער איסט, זיינען דאך בלויז א רעזולטאט פון דעם וואס עס איז ניט געווען קיין קראפט וואס זאל קענען צאמען די אפעטיטען פון די בעלי בתים ארויסצודריקען דעם ארבייטס־לוין און ארויפשרויפען די ארבייטס־שטונדען אויף ווי פיל נאר עס לאזט זיך. מיט דעם געזעץ, וועלכער שאפט א באדען פאר'ן ארבייטס־לוין, נידעריגער פון וועלכען עס קען ניט זינקען, און א גרעניץ פאר דער צאל שטונדען א וואך וואס מען מעג ארבייטען, וועט דאס איבערוואנדערען פון שעפער פון איין פלאץ אין א צווייטען באדייטענד פארקלענערט ווערען. דאס וועט געבען מער באשעפטיגונג צו די ארבייטער אין די צענטערס וואו זיי געפינען זיך און וועט אויך פארקלענערען די צאל פון נייע ארבייטער וואס ווערען אריינגעבראכט אין אינדוסטריען וואס האבען ניט גענוג ארבייט פאר די וואס געפינען זיך שוין אין טרייד. ווייל יעדע פאבריק וואס ציט זיך אריין אין א נייעם געגענד לערענט אויס דעם פאך נייע שיכטען ארבייטער. ווען דער אנבאט וועט קלענער ווערען און די נאכפראגע פאר ארבייטס־הענט וועט גרעסער ווערען, וועט די שכירות אין די פלעצער במילא שטייגען.

איבער די אלע אנגעגעבענע אורזאכען, איז דער שטונדען־שכירות געזעץ אפילו אין דער פארקריפעלטער פארמע ווי עס איז איצט, אויך פון גרויס וויכטיגקייט פאר די ארבייטער. וואס עס איז נייטיג איז, אז די ארבייטער זאלען זיך האלטען ביים אלטען כלל „נעם וואס דו קענסט קריגען און בעט נאך". די ארבייטער און זיי־

גלייכגילטיג זיין, וואס דער פרידען פון דער וועלט ווערט געשטעלט אין געפאהר. אבער זיי האבען קיינמאל דאך ניט געזאגט שארף און קלאר, אז אמעריקע וועט העלפען די בארויבטע זיך צו באשיצען געגען די רויבער. און טאמער האט מען אנגעפאנגען אויסטייטשען, אז די ערקלערונגען פון סעקרעטערי האל מיינען עפעס, האט פרעזידענט רוזוועלט, ווי די לאגע וועגען טשעכאסלאוואקיע האט אנגעפאנגען ווערען קריטיש, זיך געאיילט צו לאזען וויסען, אז די ערקלערונגען פון אמעריקא וועגען איהר אויסלענדישער פאליטיק האבען בשום אופן ניט געמיינט, אז זי האט בדעה זיך צו מישען אין די איצטיגע סכסוכים אין אייראפע.

מען קען זאגען, אז פרעזידענט רוזוועלט האט זיין לעצטע ערקלערונג געפונען פאר נויטיג צוליב דער איצטיגער אינערליכער פאליטיק פון אמעריקא. עס איז נעמליך ערב קאנגרעס וואהלען און עס טויג ניט, אז עס זאל זיך אנפאנגען אין מיטען א געפילדער וועגען אריינשלעפען אמעריקא אין א וועלט־מלחמה. אבער דאס גופא באוויזט טאקע, אז די גאנצע וועלט מעג געהן אויפ'ן פייער, אבי די אייגענע נאהענטע אינטערעסען ביי זיך אין דער היים זאלען גאר ניט ליידען.

⁂

פראפעסאר איינשטיין האט אנגעשריבען א בריוועל צו די מענשען וואס וועלען לעבען אין פינף טויזענט יאר ארום. עס איז א בריוועל אהן א פריוואטען אדרעס, נאר צו דער מענשהייט פון יאר 6939. דאס בריוועל וועט אריינגעלייגט ווערען אין א מעטאלענעם קאפסול, וואס וועט איינגעגראבען ווערען 50 פוס טיעף אין דער ערד, וואו עס ווערט צוגעגרייט די ניו יארקער וועלט־אויסשטעלונג.

עס איז א קורץ בריוועל, וואס לייענט זיך אזוי:

„אונזער צייט איז רייך אין ערפינדערישע גייסטער, וואס וואלטען מיט זייערע ערפינדונגען געקענט א סך לייכטער מאכען דאס מענשליכע לעבען. מיר פאהרען אריבער ימים מיט דער הילף פון עלעקטרישער קראפט, און דיזעלביגע קראפט באפרייט אויך די מענשען פון יעדער צו־גרויסער פיזישער אנשטרענגונג. מיר האבען זיך אויסגעלערענט פליהען, און מיר קענען אויך שיקען בריף און נייעס אהן שוועריגקייט דורך עלעקטרישע כוואליעס.

„דאך איז ביי אונז די פראדוקציע און די פארטיילונג פון סחורות און פראדוקטען אינגאנצען ניט ארגאניזירט, און יעדער מענש לעבט אין שרעק, אז ער וועט ארויסגעשטויסען ווערען פון עקאנאמישען לעבען און וועט ניט האבען דאס נויטיגסטע צו עקזיסטירען. נאך מעהר: מענשען וואס לעבען אין פארשידענע לענדער מארדען איינע די אנדערע פון צייט צו צייט, און אויך צוליב דעם לעבען מענשען שטענדיג אין שרעק און מורא. דאס נעמט זיך פון דעם, וואס די אינטעליגענץ און כאראקטער פון די מאסען זיינען א סך נידעריגער פון דער אינטעליגענץ און כאראקטער פון די געציילטע מענשען, וועלכע באשאפען עפעס ווערטפולעס פאר דער געזעלשאפט.

„איך האף, אז די צוקינפטיגע דורות וועלען לייענען די איצטיגע ערקלערונגען מיט א געפיהל פון שטאלץ און מיט א בארעכטיגטען באוואוסטזיין, אז זיי שטעהען העכער”.

איך שטעל מיר פאר, אז די מענשען פון יאר 6939, וואס וועלען לייענען אט־דאס בריוועל וועלען זיין ערשטוינט וואס די פאלקס־מאסען זיינען אין די צייטען פון אזא געניאלען מענשען ווי אלבערט איינשטיין געווען אזוי דום און האבען געלאזען עקזיסטירען אזא ווירטשאפטליכע סיסטעם, אין וועלכער מענשען דארפען ליידען הונגער און נויט אין דער צייט, ווען עס איז פאראן א מעגליכקייט, אז אלע זאלען זיין זאט און האבען אלץ, וואס זיי דארפען.

עס איז אמת, אז די מענשען פון פינף טויזענט יאהר ארום וועלען באטראכטען אונזער איצטיגע ציוויליזאציע פאר גאר ניט קיין הויכע און די מייסטע פון אונזערע איצטיגע אויפטואונגען פאר גאר ניט קיין וויכטיגע. זיי וועלען זיך וואונדערען וואס מיר האבען זיך ניט געקענט דערטראכטען צו פיל זאכען, וואס זיינען דאכט זיך געווען אזוי איינפאך. עס וועט פאר זיי זיין שוועהר צו באגרייפען ווי אזוי מיר האבען ניט געקענט געפינען קיין וועג ווי אויסצונוצען די ענערגיע פון דער זון, די היץ פון דער טיפעניש פון דער ערד, די באהאלטענע קראפט פון אטאמען א. א. וו. אבער וועגען דעם וועלען זיי געפינען פאר אונז אן אנטשולדיגונג. אונזער וויסנשאפט, אונזער טעכניק איז נאך געווען צו יונג, צו ווייניג אנטוויקעלט און דעריבער זיינען מיר געווען אזוי אונבאהאלפען. עס וועט אבער דאך פאר זיי זיין אומפארשטענדליך, ווי אזוי מיר האבען אין דער איצטיגער צייט אונזערער געזעלשאפט געלאזט עקזיסטירען אזא אומזיניגע ווירטשאפטליכע סיסטעם, אין וועלכער די פראדוקציע און די פארטיילונג פון פראדוקטען איז אין אזא כאאטישען אונארגאניזירטען צושטאנד. זיי וועלען פאר אזא ווילדען צושטאנד אפילו ניט קענען געפינען קיין ערקלערונג. זיי וועלען דאך ניט קענען זאגען, אז אונזער עקאנאמישע און סאציאלע וויסנשאפט איז ניט געווען גענוג אנטוויקעלט, און מיר האבען דעריבער ניט פארשטאנען דעם אונזין פון אונזער איצטיגער ווירטשאפטליכער סיסטעם. זיי וועלען דאך זעהן פון איינשטיינ'ס קורצען בריוועל, אז מען האט אין אונזער איצטיגער צייט יא געוואוסט, אז אונזער פראדוקציע און די פארטיילונג פון די פראדוקטען איז אינגאנצען ניט ארגאניזירט. און ווען זיי וועלען לייענען די ביכער און די זשורנאלען פון אונזער צייט וועלען זיי דאך זעהן וואס פאר א גרויסע, ברייטע אויפקלערונג עס איז געפירט געווארען געגען דער איצטיגער אומזיניגער ווירטשאפטליכער סיסטעם און אז מען האט גאנץ גרינדליך אויפגעוויזען איהרע פעלערען און איהר אומגערעכטיגקייט און אז זי דארף דעריבער אפגעשאפט ווערען. עס וועט דעריבער פאר די מענשען פון פינף טויזענט יאהר ארום איינפאך זיין אונבאגרייפליך ווי אזוי די פאלקס־מאסען האבען עס ניט פארשטאנען און געלאזען די סיסטעם עקזיסטירען.

נאר עס האנדעלט זיך ניט וועגען דעם, וואס די מענשען אין פינף טויזענט יאהר ארום וועלען האבען וועגען אונז א שלעכטע מיינונג און וועלען זיין ערשטוינט ווי דום די פאלקס־מאסען פון אונזער צייט זיינען געווען... מיר וואלטען אט דעם בזיון פון פינף טויזענט יאהר ארום קענען פארטראגען. ערגער איז דער וועהטאג פון היינט. מיר ווייסען וואו עס ליגט דער אומגליק און מיר ווייסען ווי אזוי דער אומגליק קען אפגעשאפט ווערען און דאך בלייבט ער ווי געווען. ריכטיגער, עס ווערט נאך אלץ ערגער און ערגער.

אין אונזער לאנד זיינען פאראן גענוג מאטעריאלען און פראדוקטען וואס קענען באפרידיגען די נויטען פון דער גאנצער באפעלקערונג. עס זיינען אויך פאראן גענוג ארבייטס־הענט, גענוג מאשינען, וואס קענען די אלע מאטעריאלען און פראדוקטען באארבייטען, אז אלע זאלען קענען זיין זאט, אנשטענדיג אנגעטאן און וואוינען אין באקוועמע הייזער און דאך האבען מיליאנען ניט גענוג וואס צו עסען, קיין אנשטענדיגען בגד אויפ'ן לייב און קיין מענשליכע דירה צום וואוינען. שולדיג אין דעם, דערמאנט אונז פראפעסאר איינשטיין, איז דאס, וואס די פראדוקציע און די פארטיילונג פון פראדוקטען איז ניט ארגאניזירט. דאס איז אן אידעלער אויסדרוק פאר אונזער כאאס־לאפ־געזעלשאפט, פאר דער געזעלשאפט, וואו א קליינע צאל האט מעהר ווי זי קען פארברויכען און א גרעסערע צאל האט ניט גענוג צום לעבען.

## א ליד פון אלטינקע שניידערלאך־הויקערלאך צוויי...

פון מאני לייב

אין הארץ פון ניו יארק—פון דער שטיינערנער שטאט
קומט רוישיג דער טאג מיט זיין האסטיגען טראט
און טרייבט איבער גאסען ווי טשערעדעס קי
די מחנות פון ארבייט צו טאגיקער מי.

די גרויסע פאבריקען פון אתמען ארויף
די מיילער די פינסטערע עפענען אויף
און שלינגען די מחנות און זויגען זיי אויס
און שפייען זיי שפעטער אויף גאסען ארויס.

און איבער די גאסען פארלארען און קליין
פארבלייבען נאר אלטינקע—ביין און געביין,
וואס זיי האט די ארבייט שוין לאנג אויסגעזויגט,
וואס זיי האט די עלטער פריצייטיג געבויגט...

און דא אויף א גאס אויף א ראג אויף בראדוויי
פארבלייבען די אלטינקע שניידערלאך צוויי,
צוויי שניידערלאך־הויקערלאך, ארים און קליין,
פארדארטע—פארקווארטע, נאר ביין און געביין;—

געוועזענע העלדען פון גורל און שער...
זיי שטייען און זיפצען פארלארען און שווער
און ריידען פון טרערען און ריידען פון פרייד
נאר ביטערער גאל איז אין זייערע רייד.

—עך, ברודער, געדענקסט ווי פארחושכ'ט און גרין
מיר האבען געטריבען דאס ראד פון מאשין,
די שארערס געשארט און אין צרות געדארט
און גאלדענע אוצרות די הארען געשארט...

און ראזענפעלד, מאריס, דער שניידער־פאעט
האט אויך מיט זיין ליד ביי דער פרעסערשער ברעט
באוויינט אונזער מזל, באקלאגט אונזער ברויט
און מוט [illegible] געגעבען צו דולדען די נויט.

געדענקסט, און דערנאך איז געקומען דער שטרייט
פאר ברויט און פאר פרייהייט פאר אונזערע לייב,
און אלע ווי איינער — ווי העלדען אין קריג,
מיר האבען געוואונען דעם ערשטיג'ען זיג

די שטיינער פון גאס וואס דער שטויב האט פארדעקט
זיי זיינען מיט אונזערן בלוט נאך פארפלעקט...
דערפאר האט דער בויזער באצווינגער און האר
פאר אונז זיך געבויגען אין שרעק און געפאר...

און ראזענפעלד—גלייך ווי מיט האמערס דער שמיד,
האט אונז ווי די העלדען באזונגען אין ליד...
אז איצט, אין דעם בריאזג פון די רעדער און שטאל
נאך קלינגט מיר זיין בראווער און ברודערשער קול.

—יא, ברודער, געוויס איז עס איינמאל א צייט!
און איצט פירט אן איינגערער דור אונזער שטרייט.
א איינגערער דור — יונגע קרעפט, יונגע בלוט,
נאר עפעס ניט דאס... און ניט דאס איז דער מוט.

און אונז — וואס מיר זיינען די ערשטע געווען —
מיר זיינען איצט עלענט... פארגעסען, פארזען...
מיר זיינען באזייטיגט ניט נאר פונ'ם שטרייט,
אפילו צו לעבען ווי ארבייטער לייט...

נאר אנטאן די טארבעס און בעטלען דעם ברויט:
„די שניידערלאך הויקערלאך, העלפט זיי אין נויט,
געוועזענע העלדען פון גורל און שער
גיט ברויט זיי א שטיקעל פארגעסט זייער טרער..."

—עך, ברודער, שוין בעסער אונז זוכן א חיים,
א קבר אין קאלטן לאנג־איילענדער ליים,
און גרוב דארטן אויסציען איינמאל די פיס,
די הויקערס פארגעסן און איינשלאפן זיס...

נאיטעד מאין וואירקערס או אמעריקע, זוכט צו באַ־שיצען די אינטערעסען פון די קויהלען־גרעבער. די קויהלען־קאמפאניעס ווענדען אן כל'ערליי שמד־שטיק פטור צו ווערען פון דער יונאיטעד מאין וואירקערס או אמעריקע.

איז אנהויב 1921, האבען די קויהלען־קאמפאניעס אבגעזאמעלט א ריזיגען זאפאס (רעזערוו) פון 53 מי־ליאן טאן קויהלען און די קויהלען בארגען האבען דעריבער געגלויבט, אז עס איז א גינסטיגע צייט אנ־צוהויבען א קאמף געגען די יונאיטעד מאין וואירקערס או אמעריקע. דער ערשטער שריט פון די קויהלען קאמפאניעס איז געווען, אז זיי האבען זיך אפגעזאגט פון צו באנייען דעם אגרימענט מיט דער יונאיטעד מאין וואירקערס או אמעריקע. די קויהלען־גרעבער האבען דערקלערט א גענעראל־סטרייק.

יעדער סטרייק וואס קומט פאר פון די קויהלען־גרעבער איז ניט קיין געוויינלעכער סטרייק, נאר ווערט פארוואנדעלט אין אן אמת'ער מלחמה, אבער דער דע־מאלסדיגער גענעראל סטרייק פון די קויהלען־גרעבער איז געפיהרט געווארען לויט אלע כללים פון א מאַ־דערנער מלחמה, ווי מיט מאשין־ביקסען, באמבעס און טאנקען. (די עראפלאן אינדוסטריע איז נאך דעמאלט ניט געווען אזוי אנטוויקעלט).

די ערשטע שלאכט צווישען די קויהלען־גרעבער און די באוואפענטע באנדעס פון די קויהלען־קאמפא־ניעס איז פארגעקומען אין דעם שטעטעל הערין, אי־לינאי סטעיט. די סטרייקער האבען געשיקט א גרו־פע ארבייטער צו רעדען מיט די אימפארטירטע סטרייק־ברעכער. די באוואפענטע באנדעס האבען באגעגענט די סטרייקענדיגע ארבייטער מיט א פייער פון מאשין־ביקסען. צוויי סטרייקער זיינען דערשאסען געווארען אויף טויט און עטליכע זיינען פארוואונדעט געווארען.

דער דאזיגער מארד האט אויפגעשטורעמט די סטרייקער. אויפ'ן צווייטען טאג האבען עטליכע הונ־דערט סטרייקענדיגע קויהלען־גרעבער אויך זיך באַ־וואפענט מיט ביקסען און געקומען צו דער קוילען־מאין, וואס האט באלאנגט צו דער סאוטערען אילינאי קויהלען קאמפאניע. א שלאכט איז אויסגעבראכען צווישען די סטרייקער מיט די אימפארטירטע סטרייק־ברעכער. דער סוף איז געווען, אז נייענצעהן סטרייק־ברעכער זיינען געטויטעט געווארען אין שלאכט, א סך זיינען פאר־וואונדעט געווארען און אלע סטרייק־ברעכער זיינען ארויסגעשלעפט געווארען פון די קויהלען גרובען און מיט א גרילצעריי אפגעפיהרט געווארען אין די שטעטעלאך מערין און הערין.

די גאנצע געזעלשאפטליכע מיינונג איז געווען, מיט דער אויסנאהם פון א בינטעל רעאקציאנערען, אויף דער זייט פון די סטרייקענדיגע קויהלען־גרעבער. עס איז כדאי דא אנצוגעבען, אז אן ארטיגע זשורי, פון הערין, אילינאי, וואס איז באשטאנען פון קליין־בירגער, האט אונטערזוכט די געשעהענישען פון דער שלאכט און האט ארויסגעטראגען אן אורטייל, אז שולדיג זיי־נען די קויהלען קאמפאניעס, וואס האבען אימפארטירט פראפעסיאנעלע גענגסטער און שלעגער צו פראוואַ־צירען בלוט־בעדער.

דער גענעראל סטרייק פון די קויהלען־גרעבער האט אנגעהאלטען העכער פון פיער חדשים און ווען די קויה־לען קאמפאניעס האבען געזעהען, אז זיי קענען נישט צעברעכען דעם סטרייק, האבען זיי דעם 15טען אוי־גוסט, 1921, אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יונאיטעד מאין וואירקערס או אמעריקע.

## דער גענעראל סטרייק פון די באן־ארבייטער.

די אייזענבאהן ארבייטער ווערען פארעכענט אלס די אריסטאקראטיע פון דעם אמעריקאנעם ארבייטער קלאס. אבער די באהן־מאגנאטען אין זייער גייעג נאך פראפיטען ווילען ניט וויסען פון אזא זאך. יא אריסטאקראטען, ניט אריסטאקראטען, די קאפיטאליס־טען זיינען פאראינטערעסירט בלויז אין איין זאך — אנצוזאמלען וואס מעהר פארמעגענס און רייכטום.

אין די יאהרען פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, האט די אמעריקאנער פעדעראלע רעגירונג איבערגע־נומען די באהנען, כדי צו פארזיכערען א גוטע און גיכע טראנספארטאציע פאר דער מלחמה־פיהרונג. די רעגירונג האט דעמאלט דורכגעפיהרט דעם אכט שעה'־דיגען ארבייטס־טאג אויף די באהנען און אויך צוגע־וואָרפען א לוין העכערונג די באהן ארבייטער.

אין 1920, האט די רעגירונג צוריקגעגעבען די באהנען צו די פריוואטע קאמפאניעס. אין מארטש, 1921, האבען די באהן־קאמפאניעס געפאדערט פון דער לעיבאר באארד פון די באהנען, אז מען זאל רעדו־צירען די ווידזשעס פון די באהן־ארבייטער אויף 12 פראצענט. די לעיבאר באארד האט דעם פארלאנג פון די באהן־קאמפאניעס באוויליגט, אבער אין א חודש שפעטער, אין אפריל, 1921, האט די לעיבאר באארד פון די באהנען אפגעשאפט דעם אגרימענט (קאנטראקט), וואס די רעגירונג באהן־פארוואלטונג האט געהאט מיט די יוניאנס פון דער באהן־אינדו־סטריע — דאס איז געווען א סיגנאל, אז די באהן־קאמפאניעס גרייטען זיך שטארק צו פארערגערען די ארבייטס־באדינגונגען פון די באהן־ארבייטער.

די באהן ארבייטער האבען ריכטיג אפגעשאצט די לאגע און דעם ערשטען יולי, 1921, האבען זעקס יוניאנס, וואס האבען עקזיסטירט צווישען די באהן ארבייער: די אמאלגאמייטעד בראדערהוד או בלעק־סמיט, אינטערנעשאנעל או שיט מעטאל וואירקערס, אינ־טערנעשאנעל בראדערהוד או באילער מייקערס און אנדערע יוניאנס, וואו די מיטגלידערשאפט איז באַ־שטאנען פון ארום פיער הונדערט טויזענט ארבייטער ארויס אין א גענעראל סטרייק. צום סטרייק זיינען אויך צוגעשטאנען די קלוירקס, וועג־אויפפאסער, פראכט אנלאדער און אנדערע האלב־קוואליפיצירטע ארבייטער. די אלע סטרייקער זיינען געווען מיטגלידער פון דער אמעריקען פעדערעישאן או לעיבאר. צום סטרייק זיינען ניט צוגעשטאנען די באהן־ארבייטער, וואס גע־הערען צו די פיער בראדערהודס, אבער די פיהרער פון די פיער בראדערהודס האבען צוגעזאגט צו העל־פען דעם סטרייק.

די פעדעראלע רעגירונג האט אריינגעשיקט סאל־דאטען אין די באהנען און דער דאמאלסטיגער אטויר־ני דזשענעראל דאהערטי, האט ארויסגעגעבען א פע־דעראלען אינדזשאנקשאן, וואו א סטרייקער האט אפילו ניט געטארט אנרופען א סטרייק־ברעכער מיט זיין אמתן' נאמען. די פאנדען פון די יוניאנס זיינען קאנ־פיסקירט געווארען פון דער פעדעראלער רעגירונג. דער סטרייק איז פארלארען געגאנגען.

אבער אלע באאבאכטער פון דער היגער ארבייטער באוועגונג געבען צו, אז דער דעמאלסטיגער באהן־סטרייק איז פארלארען געגאנגען בלויז צוליב דעם, וואס די ארבייטער וועלכע האבען געהערט צו פיער בראדערהודס האבען ניט געהאלפען זייערע ברידער, — די סטרייקער.

ווען די ארבייטער זיינען געווען צעטיילט און צע־ריסען אין צייט פון א סטרייק און דערצו האט זיך נאך אריינגעמישט די פעדעראלע רעגירונג אויף דער זייט פון די באהן־מאגנאטען, איז געווען נאטירליך, אז די באהן־ארבייטער זאלען פארלירען דעם סטרייק.

אט דער דאזיגער פאל איז אן איבעריגער באווייז ווי אזוי די ארבייטער ליידען ווען די ארבייטער כחות זיינען צושפאלטען און צוברעקעלט.

# צייט־מאטיוועס

»«»«»« פון אברהם רייזען.

## הארבסט

וואלקען גייען,
ווינטען וועהען
און די ערד איז מיד;
אין די רוימען,
איבער צוימען,
א מחנה פייגעל ציהט...

פליגעל פאכען,
יאך צעבראכען.
חבר'יש, געטריי —
ביז זיי וועלען
זיך אפשטעלען
וואו ס'איז גוט און פריי...

הויבסט די בליקען
צו די גליקען
דראטען אין דער הויך;
קינדיש טרויערט
הארץ, און ס'בויערט:
„נעמט מיך ערגעץ אויך"...

•

## א נייער טאג

עס טוט א פאך
די הייט, די היץ,
א יונגער טאג
אהן זארג, אהן מיה.
ער פליגעלט־אויף
אין בלויער לופט,
אין גרינג. אין שוואונג,
אין יונגענט־דופט.
ער ווארפט זיין בליק
פון אויגען בלוי;
עס פאלט און שטראהלט
אויף הארץ, ווי טוי.

א טאג אזא
אין לופטען קרייזט,
פון נעבעל־דוים
זיך ליכטיג ווייזט.
א יונג געשטאלט
אין קלארען פלאם,
און איינגעפאסט
אין זונען־ראם...

עס פלאטערט פאן —
איהר זעהט, איהר הערט.
ער קומט באלד אן
אויף אונזער ערד...

## די נייע פאהן

(פאנטאזיע פאר גרויסע קינדער)

— ווער האט אונזער פאן פארבאטען
ברודעריל, דערצעהל...
זי פארבאטען האט דער שטן,
ליגט זי אין א העהל...

אבער הער מיין קינד דעם וואונדער
וואס א פאן באדייט;
אין דעם טיפען העהל, באזונדער,
זיצט די מוטער־צייט.

זיצט זי דארטען שטיל און ארטיג.
וועב־שטוהל איז איהר טראן;
און זי וועבט און מאכט דארט פארטיג
גאר א נייע פאן.

שענסטע פארבען, שענסטע קוויטען
וועבט זי דארטען איין;
פאר דעם נייעם טאג זי גרייטען
וואס עס דארף נאך זיין...

אלע האפנונגען, באגעהרען
וועבט זי איין, די צייט;
באלד וועט פאהן שוין פארטיג ווערען
און די וועלט־באפרייט...

•

## מיט דער וועלט

ווערט וואו א לאנד באפרייט
שטראלט פרייהייט אין זיין בליק;
הערסט צוואנג — מעג זיין ווי ווייט —
איז ער אין צוואנג צוריק...

מיט מידע איז ער מיד,
מיט שטאלצע ווערט ער דרייסט;
מיט וואנדער'דער געהט ער מיט,
מיט גליקליכע — געטרייסט.

און וואו ער קומט און געהט
פארנעמט ער יעדע שטים;
דא האט אים וועלט דערפרעהט,
און דארט דערצארענט אים...

ער איז מיט מענש באהעפט
אין פרייד און אין געוויין.
און וואס מיט וועלט זיך טרעפט
דאס טרעפט מיט איהם אליין...

# די היסטאָרישע קאַמפּען פון דעם אַמעריקאַנישען אַרבייטער קלאַס

פון א. יאָזעפסאָן.

## די אַרבייטער קאַמפּען געגען דעם קאַפּיטאַליסטישען אַנגריף אין יאָר 1921.



ין יאָר 1921 האָט זיך גלייך באַמערקט, אַז אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע הייבט זיך אָן אַ שטאַרקער קריזיס. די מיליאָנען דעמאָביליזירטע סאָלדאַטען, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע האָבען געזוכט אַרבייט און ניט געפונען. ניט קוקענדיג אויף די גרויסע פּאַראַדען וואָס מען האָט געמאַכט פאַר זיי. די קריג פיהרענדע לענדער פון אייראָפּע האָבען זיך ביסלאַכוויז סטאַביליזירט און דער עקספּאָרט פון סחורות פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין אַנדערע לענדער איז בלויז אין איין יאָהר, פון סוף 1920 ביז 1921, געפאַלען פון צעהן ביליאָן מיט 179 מיליאָן דאָלער אויף זעקס ביליאָן מיט 379 מיליאָן דאָלער. ד. ה., כמעט אויף פערציג פּראָצענט — דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו אַ גרויסע אַרבייטסלאָזיגקייט אין לאַנד. עס ווערט געשאַצט, אַז נאָהענט פון זעקס מיליאָן מענטשען זיינען געוועזען אַרבייטסלאָז אין 1921—1922.

און ווי נאָר עס הויבט זיך אָן אַ קריזיס אין אַ לאַנד, אַזוי וויל די בורזשואַזיע פון לאַנד גאָרנישט פאַרלירען פון איהרע פּראָפיטען, נאָר זוכט און ווענדעט אָן אַלע מיטלען, אַז דעם לאַסט פון קריזיס זאָלען טראָגען די אַרבייטער און די ברייטע פאָלקס־מאַסען. די בורזשואַזיע באַנוצט זיך מיט פאַרשידענע דעמאַגאָגישע מיטלען און קלינגענדע פראַזען ווי „נאַציאָנאַלע אינטערעסען”, אָדער די אַרבייטער זיינען „שותפים צו דער אינדוסטריע” און דערפאַר דאַרפען די אַרבייטער ליידען און אויפאָפּפערען זיך, איינגעהן אויף אַ רעדוקציע אויף די ווייזשעס כדי צו ראַטעווען די אינדוסטריע און דאָס לאַנד.

דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אין אַמעריקע אין יאָהר 1921 האָט זיך געפיהלט באַזונדערס האָפערדיג און קאַמפּסלוסטיג געגען דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־שאָפּ. ערשטענס צוליב דעם וואָס די אַרבייטער פון דער שטאָל־אינדוסטריע האָבען פאַרלאָרען זייער גענעראַל־סטרייק אין יאָהר 1919, און דאָס האָט אַרויסגערופען אַ דערשלאָגענקייט צווישען די אַרבייטער פון לאַנד; און צווייטענס, וואָס די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען אָנטייל גענומען אין דער וועלט־מלחמה, האָבען אַרומגעשפּאַצירט איבער די פאַבריקען און אָנגעבאָטען זייערע כחות און מוחות צו די באָסעס — אָט די דאָזיגע סיבות, האָט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אויסגערעכענט, האָט געשאַפען אַ גינסטיגע לאַגע אָנצוהויבען, אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב, אַ שטאַרקען אַנגריף צו פאַרניכטען די אויסגעקעמפטע אַרבייטס־באַדינגונגען און אפשר, די גאַנצע אָרגאַניזירטע אַרבייטער־באַוועגונג.

די ערשטע זאַך האָבען די פאַבריקאַנטען גענומען רעדוצירען די ווייזשעס פון די אַרבייטער.

לויט אַן אונטערזוכונג, וואָס דער ניו יאָרק סטייט דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר האָט געמאַכט אין 1921 וועגען די אַרבייטער פאַרדינסטען אין 1,648 אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען איז באַוויזען געוואָרען, אַז

די שכירות זיינען רעדוצירט געוואָרען אויף צוואַנציג פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט 1920. ענליכע אונטערזוכונגען פון די אַנדערע שטאַטען ווי וויסקאָנסין, אילינאָי א. א. וו. האָבען געוויזען אַז די שכירות פון די אַרבייטער זיינען געשניטען געוואָרען אויף פערציג און פופציג פּראָצענט.

דערביי דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז פילע פון די קאָמפּאַניעס וואָס האָבען געשניטען די שכירות פון די אַרבייטער אין 1921 האָבען אין דעמזעלביגען יאָהר געמאַכט ריזיגע פּראָפיטען און איינינגע קאָמפּאַניעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָבען אַפילו אין דעם יאָהר פאַרגרעסערט זייערע פּראָפיטען. אַזוי, למשל, האָט די טעלעגראַף און טעלעפאָן קאָמפּאַניע געמאַכט אין יאָהר 1920 — 52 מיליאָן פּראָפיט און אין יאָהר 1921 — 54 מיליאָן, די אַמעריקען וואולען קאָמפּאַניע האָט אין יאָהר 1920 געמאַכט פיר מיליאָן פּראָפיט און אין דעם קריזיס יאָהר פון 1921 איז דער פּראָפיט פון דער קאָמפּאַניע אַרויפגעשטיגען אויף 6 מיליאָן דאָלער, דאָס זעלביגע איז פאָרגעקומען מיט אַנדערע קאָמפּאַניעס, דאָך האָבען דיזעלביגע קאָמפּאַניעס רעדוצירט די ווייזשעס פון זייערע אַרבייטער.

די היגע אָרגאַניזירטע אַרבייטערשאַפט האָט גלייך דערשפּירט צו וואָס די פאַבריקאַנטען און באָסעס שטרעבען און האָבען מיט אַ מערקווירדיגען מוט און קאַמפּסלוסטיגקייט גענומען צוריקשטויסען די אַנגריפען פון די באָסעס.

נאָך אין זומער פון 1921 זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייהע פון סטרייקס איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס האָבען געסטרייקט די זעצער אַרבייטער, די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק, די אַרבייטער פון די שלאַכט־הייזער אין שיקאַגאָ. מיט דער אויסנאַהם פון די אַרבייטער אין די שלאַכט־הייזער זיינען כמעט אַלע סטרייקס געוואונען געוואָרען לטובת די אַרבייטער.

אָבער די גאָר גרויסע קאַמפּען פון די אַרבייטער געגען דעם אַנגריף פון די פאַבריקאַנטען אויף די אַרבייטס־באַדינגונגען האָט זיך אָנגעהויבען אין מיטען יאָהר פון 1921, וואו בלויז דריי גענעראַל־סטרייקס האָבען אַרומגעכאַפּט נאָהענט פון אַ מיליאָן אַרבייטער.

די דריי גרויסע גענעראַל סטרייקס אין 1921 זיינען געווען: דער סטרייק פון הונדערט טויזענט טעקסטיל אַרבייטער, דער סטרייק פון אַ האַלבען מיליאָן קויהלען גרעבער און דער גענעראַל סטרייק פון פיער הונדערט טויזענט באַהן־אַנגעשטעלטע.

## דער גענעראַל סטרייק פון די טעקסטיל־אַרבייטער.

די פאַרדינסטען פון די טעקסטיל אַרבייטער זיינען שטענדיג געווען קלאַגעדיגע. אָבער אין די יאָהרען פון קריזיס, און די באָסעס ווייסענדיג, אַז די טעקסטיל־אַרבייטער זיינען ניט אָרגאַניזירט, האָבען די טעקסטיל פאַבריקאַנטען גענומען נאָך מעהר רעדוצירען די קלאַגעדיגע שכירות פון די טעקסטיל אַרבייטער. עס איז גענוג צו זאָגען, אַז אַ הויך קוואַליפיצירטער אַרבייטער האָט אין יאָהר 1921 געקראָגען פאַר אַ פולער וואָך אַרבייט איין און צוואַנציג דאָלער מיט 78 סענט, אין ניי־ענגלאַנד און אין די דרום־שטאַטען איז דער פאַרדינסט פון דעמזעלביגען אַרבייטער געווען זעכצעהן דאָלער מיט 65 סענט.

די טעקסטיל פאַבריקאַנטען האָבען אָבער געשריען, אַז די טעקסטיל אַרבייטער פאַרדינען צופיל און די אַרבייטער ווערען ממש רייך. אין יאַנואַר 1921, האָבען די טעקסטיל פאַבריקאַנטען אויסגעקלעפּט מעלדונגען אין זייערע פאַבריקען, אַז זיי וועלען רעדוצירען די ווייזשעס אויף צוואַנציג פּראָצענט און גלייכצייטיג פאַרלענגערען די אַרבייטס־שטונדען פון 48 אויף 52 שעה אַ וואָך. דאָ האָט שוין, ווייזט אויס, דער געדולד פון די טעקסטיל אַרבייטער געפּלאַצט און אין דעמזעלביגען חודש האָט סטאַנסאָן, אינגאַנצען ניט אָרגאַניזירטערהייט, אויסגעבראָכען אַ סטרייק אין שטעטעל פּאַוטאַקעט, ראָוד איילאַנד. דער סטרייק אין דעם שטעטעל האָט זיך, ווי אַ וואַלד פייער, בליץ שנעל, פאַרשפּרייט צווישען די טעקסטיל אַרבייטער אין די שטאַטען פון ניו ענגלאַנד, מעין, ניו העמפּשעיר, מאַסאַטשוסעטס און ווערמאָנט. דער סטרייק פון די טעקסטיל אַרבייטער האָט אַרומגעכאַפּט העכער פון הונדערט טויזענט אַרבייטער, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען.

די צרה איז אָבער, וואָס די אַרבייטער פון דער טעקסטיל אינדוסטריע זיינען קיינמאָהל ניט געווען אָרגאַניזירט (ערשט לעצטענס ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו פון דער סי. אַי. אָ. צו אָרגאַניזירען די טעקסטיל אַרבייטער).

אמת, עס האָבען יאָ עקזיסטירט אַ צענדליג יוניאָנס, אָדער יוניאָנלאַך, צווישען די טעקסטיל אַרבייטער, אָבער יעדער יוניאָן האָט געזוכט צו קריגען דעם קאָנטראָל איבער דער גאַנצער אינדוסטריע און פלעגען זיך שטענדיג אַרומרייסען צווישען זיך.

אין אָנהויב ווען דער סטרייק פון די טעקסטיל אַרבייטער איז אויסגעבראָכען, איז געמאַכט געוואָרען אַ פּרוּוו צו פאַראייניגען אַלע יוניאָנלאַך אין אַ מין קאָונסיל, כדי אָנצופיהרען געמיינשאַפטליך דעם סטרייק, אָבער עס האָט ניט גענומען קיין איין וואָך וואו די יוניאָנלאַך צווישען די טעקסטיל אַרבייטער האָבען זיך גענומען קריגען און אַרומרייסען אַפילו אין צייט פון סטרייק.

דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז די טעקסטיל אינדוסטריע איז צעוואָרפען אין קליינע שטעטלאַך און דערפער, וואו די מעיאָרס, די פּאָליציי־טשיפס און די שעריפס זיינען אינגאַנצען אָפּהענגיג אין די טעקסטיל קאָמפּאַניעס. און ווי נאָר די טעקסטיל אַרבייטער זיינען אַרויס אין סטרייק, זיינען יענע געגענטען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין באַוואָפענטע לאַגערען. דער גאָווערנאָר פון ראָוד איילאַנד, האָט מאָביליזירט די סטעיט מיליציע און זי אַריינגעשיקט אין דעם סטרייק געגענט. דאָסזעלביגע האָבען אויך געטאָן אַנדערע גאָווערנאָרס.

אָבער אַ חוץ די מיליטער, פּאָליציי און געדונגענע שלעגער האָבען די טעקסטיל קאָמפּאַניעס אַרויסגעקראָגען אינדזשאַנקשאַנס, וואו עס איז פאַרווערט געוואָרען ניט נאָר צו פּיקעטען די סטרייקענדיגע פאַבריקען, נאָר אַפילו צו גיין אויף די גאַסען.

דאָך ניט קוקענדיג אויף די אַלע רעפּרעסיעס און שוועריגקייטען האָבען זיך די טעקסטיל אַרבייטער געהאַלטען מוטיג, סאָלידאַריש און געפיהרט העלדיש דעם קאַמף געגען די לוין־שניטען און פאַרלענגערען דעם אַרבעטסטאָג.

ווען די טעקסטיל פאַבריקאַנטען האָבען געזעהן, אַז זיי קענען באַין אופן ניט צעברעכען דעם סטרייק פון די טעקסטיל אַרבייטער, האָבען די טעקסטיל קאָמפּאַניעס באַשלאָסען נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער, — ניט צו פאַרלענגערען דעם אַרבייטס־טאָג און ניט מאַכען קיין לוין שניטען, אָבער די טעקסטיל פאַבריקאַנטען האָבען אויסגענוצט די צערריסענקייט פון די יוניאָנלאַך אין דער טעקסטיל אינדוסטריע און האָבען ניט געוואָלט אָנערקענען קיין שום יוניאָן. אַזוי אַרום האָבען די טעקסטיל אַרבייטער פּראַקטיש פאַרלאָרען, ווייל זיי האָבען ניט קיין יוניאָן, וואָס זאָל אַכטונג געבען, אַז די געווינסטען זאָלען דורכגעפיהרט ווערען.

## דער גענעראַל סטרייק אין דער קוילען־אינדוסטריע.

די לאַגע פון יעדען אַרבייטער, אָהן אונטערשיד אין וועלכער אינדוסטריע ער איז באַשעפטיגט, איז אַ ביטערע. אָבער טויזענט מאָהל ערגער איז די לאַגע פון אַ קויהלען־גרעבער.

דער קויהלען־גרעבער ליגט דעם טאָג, וואָס ער אַרבייט, טיעף באַגראָבען אונטער דער ערד, אין קוילען זינען פון וואָרט. דער קויהלען־גרעבער איז קיינמאָהל ניט זיכער, אַז ער וועט אַרויסקומען פון אונטער דער ערד אַ לעבעדיגער. אין יאָהר 1921 זיינען 1,978 קויהלען־גרעבער געטויטעט געוואָרען ביי דער אַרבייט און ביי אַ נאָהענט פון צעהן טויזענט קויהלען־גרעבער זיינען פאַרקריפּעלט געוואָרען פון דער אַרבייט. אַ חוץ דעם אַלעמען זיינען די קויהלען־גרעבער אין געפאַהר צו קריגען וואָס גיכער אַסטמאַ, לונגען אַנטציגדונג, רעמאַטיזם און אַנדערע קראַנקהייטען.

די קויהלען־קאָמפּאַניעס מאַכען געשוואָלענע פּראָפיטען. די יוניאָן פון די קויהלען־גרעבער, די יו־

---

[?]רע יוניאָנס דאַרפען קודם כל זיין אויף דער וואַך און היטען אַז אין די קאָמיסיעס, ביים באַשטימען די טריידס וואָס ווערען איינגעשלאָסען אין אַן אינדוסטרי און ביים באַשטימען די שטונדען און שכירות אין זייערע טריידס, זאָלען זיי אַרויסקריגען דעם מאַקסימום וואָס איז נאָר מעגליך פאַר זיך. זיי דאַרפען אויך אַרבייטען פאַר אויסברייטען און אויסבעסערען דעם געזעץ, פאַרקירצען די מאַקסימום שטונדען וואָס עס שרייבט פאָר און פאַרגרעסערען די מינימומס.

וואָס איז נאָך וויכטיגער, די אַרבייטער טאָרען ניט איינשלאָפען און זיך פאַרלאָזען אין גאַנצען אויף דעם געזעץ אַז עס וועט זיי שוין באַזאָרגען מיט קורצע שטונדען און מענשליכע שכירות. דער וועג — דער בעסטער וועג, ווי אַזוי צו קריגען די זאַכען איז נאָך אַלץ דורך אָרגאַניזירען זיך אין שטאַרקע יוניאָנס. אַפילו דער פאַרקירצעלטער געזעץ וואָלט קיין מאָל ניט אָנגענומען געוואָרען ווען ניט דער דרוק פון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטער באַוועגונג.

א מאַכט פאַר א פרייע אַרבייטער באַוועגונג, איז היטלער, צום באַדויערען, ניט אַזוי בלינד. ער האָט גלייכצייטיג דערדריקט די יוניאַנס און די קאָאָפּעראַטיווען צוזאַמען.

אַזוי ווי איך גלויב, אַז די קאָאָפּעראַטיווען האָבען אין זיך א געוויסען עלעמענט פון סאָציאַליזם, קען איך דעריבער ניט איינשטימען מיט מאַנכע פון אונזערע מאָדערנע טעאָרעטיקער פון קאָאָפּעראַציע, ווי ראַבינאָוויטש טוט עס, אַז דער וואוקס פון די קאָאָפּעראַטיווען קען באַטראַכט ווערען אַלס מיטעל צו סטאַביליזירען דעם קאַפּיטאַליזם. אויף אַזוי פיל ווי די קאָאָפּעראַטיווען וואַקסען, סטאַביליזירען זיי ניט דעם קאַפּיטאַליזם, נאָר פאַרבייטען אים און פאַרנעמען זיין פּלאַץ. קאָאָפּעראַטיווען זיינען אַ רפואה פאַר חלאַת'ן פון קאַפּיטאַליזם בלויז אויף דעם אופן ווי דער טויט איז אַ רפואה פאַר אַלע קראַנקהייטען. איבער דעם קען קאָאָפּעראַציע באַטראַכט ווערען מער אַנטי־קאַפּיטאַליסטיש אין איר עקאָנאָמישער ווירקונג ווי דאָס זיינען די טרייד יוניאַנס. קאָאָפּעראַציע פאַרהאַנדעלט ניט מיט קאַפּיטאַליזם. עס זוכט צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. וואָס אָנבאַלאַנגט ראַבינאָוויטש'עס אויסזעצונגען געגען דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, איז מיין ענטפער, אַז פּונקט די זעלביגע אויסזעצונגען קען מיט דער זעלבער לאָגיק געמאַכט ווערען געגען די טרייד יוניאַנס. ער זאָגט, אַז די קאָאָפּעראַטיווען וועלען ניט ברענגען קיין סאָציאַליזם. וועלכער סאָציאַליסט גלויבט עס אַז די יוניאַנס אַליין וועלען ברענגען סאָציאַליזם? ער רעדט מיט פאַראַכטונג וועגען פינף דאָלער שערס אין גראָסערי געשעפטען. זיינען זיי ווייניגער חשוב ווי די פינף דאָלער דיוס וואָס מען צאָלט אין דער יוניאַן? ער שפּאָט פון איינשפּאָרען א ניקעל אויף גראָסעריס. איז דער ניקעל איינגעשפּאָרט אַלס פאַרברויכער ווייניגער ווערט ווי דער ניקעל מער אויף די שכירות? ער באַקלאָגט די פאַרלוסטען פון אַרבייטער אַלס אייגענטימער פון דורכגעפאַלענע קאָאָפּעראַטיווען. וואָס געשעט מיט אַ יוניאַן מאַן, ווען א סטרייק ווערט פאַרשפּילט? זיינען פאַראַן וועלכע עס איז אינשורענס פּאָליסיס צו דעקען די פאַרלוסטען אין קלאַסען־קאַמף?

דאָס זעלביגע מיט די אַרגומענטען וואָס ראַבינאָוויטש גיט אָן געגען קאָאָפּעראַטיווע הייזער. זיינע „אויספאָרשונגען" פון דעם ענין זיינען גאָר ניט קיין גרינדליכע. ער רעדט וועגען אַן „עפּידעמיע" פון קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין ניו יאָרק מיט א צען יאָר צוריק. פון די, זאָגט ער, איז בלויז איין גרופּע פאַרבליבען אַלס קאָאָפּעראַטיווע אייגענטום. אין דער אמת'ן זיינען בלויז געווען פיר אַזעלכע אונטערנעמונגען פון אידישע אַרבייטער און צוויי פון די פונקציאָנירען נאָך איצט אונטער די זעלבע אייגענטימער, וועלכעס איז גאָר ניט אַזאַ שלעכטער רעקאָרד אין פאַרגלייך מיט פּריוואַטע אונטערנעמונגען דורך דעם קריזיס. חוץ די צוויי זיינען פאַראַן אין ניו יאָרק אַ צאָל קאָאָפּעראַטיווע הייזער אָרגאַניזירט דורך אַנדערע גרופּען, וועלכע עקזיסטירען שוין פילע, פילע יאָרען.

די „איינציגע גרופּע הייזער", וועלכע ראַבינאָוויטש זאָגט, אַז זיי זיינען פאַרבליבען אונטער קאָאָפּעראַטיווען פאַרמעגען, רעכען איך אַז ער מיינט אודאי די אַמאַלגאַמייטעד הייזער, וואו ער וואוינט. זיין שלוס, אַז דאָס זיינען קאָאָפּעראַטיווען בלויז אין נאָמען, דערפאַר וואָס די מענשען וואָס האָבען איינגעצאָלט געלט אין די הייזער זיינען ניט פריי אַרויסצוציהען זייער אינוועסטמענט באַווייזט, אַז ער ווייסט ניט וואָס אַ קאָאָפּעראַטיוו איז. די מעגליכקייט פאַר אַ מיטגליד אַרויסצוציהען זיין אינוועסטמענט איז ניט איינע פון די גרונט פּרינציפּען פון קאָאָפּעראַציע. טראָץ דעם איז עס ניט אמת אַז די מיטגלידער פון די אַמאַלגאַמייטעד קאָאָפּעראַטיווע הייזער, וועלכע ווילען זיך צוריקציהען קענען ניט צוריקקריגען זייער געלט. שוין יאָרען לאַנג ווי עס פונקציאָנירט דאָרט א ספּעציעלער פאָנד אויף צוריקקויפען די שערס פון די וואָס ווילען זיך אַרויסציהען פון די הייזער. וואָס איז נאָך מער, די אונטערנעמונג איז נאָך אַזוי פּאָפּולער, אַז נייע שערהאָלדערס קומען כסדר אַריין צו פאַרנעמען די פּלעצער פון די וואָס פאַרלאָזען.

צוגעגעבען אַז א סך קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען פון אידישע אַרבייטער זיינען דורכגעפאַלען. דאָס איז אין אַלגעמיין אָבער מער די שולד פון די וואָס זיינען דאָרט געווען טעטיג, ווי פון די קאָאָפּעראַטיווע פּרינציפּען און מעטאָדען מיט וועלכע זיי זיינען ליידער ניט געווען גענוג באַקאַנט. דער גייסט פון צוזאַמענאַרבייט האָט דאָרט אַלע מאָל געפעלט. איינע פון די וויכטיגסטע אורזאַכען פאַר דעם דורכפאַל איז געווען דאָס וואָס פּאָליטישע מאָטיווען האָבען געשפּילט די הויפּט ראָלע ביים גרינדען זיי און דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך בלויז גערעכענט פאַר אַ צוטשעפּעניש צו א פּאָליטישער פּאַרטיי. אין איינינע פאַלען איז עס געווען ניט גענוג קאַפּיטאַל און מאַנגעל אין בילדונגס טעטיגקייטען וואָס האָט רואינירט די אונטערנעמונגען.

די און אַנדערע אורזאַכען וואָס האָבען געבראַכט דורכפאַלען האָבען געקענט אויסגעמידען ווערען, ווען די מענשען וואָלטען שטודירט די געשיכטע פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. די קאָאָפּעראַטיווען זיינען איצט מעכטיגע עקאָנאָמישע וואָפען אין די הענט פון די ענגלישע און שוועדישע אַרבייטער. דאָס זיינען זיי אָבער ניט געוואָרען אין איין טאָג. זיי זיינען באַשאַפען געוואָרען דורך פּראָבעס און טעות'ן. זיי זיינען אויסגעשמידט געוואָרען דורך קאַמף און קרבנות — א קאַמף אפשר ניט אַזוי דראַמאַטיש ווי דער קאַמף פון די יוניאַנס, אָבער געגען ענליכע קרעפטען, די וויכטיגסטע פון וועלכע עס זיינען געווען די אומוויסענהייט און איינינקייט פון די אַרבייטער אַליין. אַט די אונטערנעמונגען וואָס טרעפען איצט אָן הונדערטער מיליאָנען דאָלערס (איבער א ביליאָן דאָלער אין די ענגלישע קאָאָפּעראַטיווען אַליין) זיינען אויפגעבויט געוואָרען פון די זעלביגע פינף דאָלערדיגע שערס, וועלכע ראַבינאָוויטש מאַכט אַוועק מיט פאַראַכטונג.

דאָ אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען זיינען מיר נאָך אַלץ צום גרעסטען טייל אין דער פּעריאָדע פון קאַמף און קרבנות, אָבער מיר האָבען דעם פאָרצוג וואָס מיר קענען לערנען פון די ערפאַרונגען אין איראָפּע. אין דעם וואָס עס איז שוין דערגרייכט געוואָרען דאָ און אין איראָפּע קענען מיר שוין זען פּונקען פון דער צוקונפט. ראַבינאָוויטש ערקלערט, אַז ספּעציעלע אומשטענדען האָבען געהאָלפען די איראָפּעאישע קאָאָפּעראַטיווען, וועלכע זיינען נישטאָ דאָ אין אַמעריקע. ער זאָגט, אַז כאָטש מיר האָבען דאָ געמאַכט אַן אָנהייב דורך דער רעפּרעסיע, וועט דורך דעם צוריקקומען פון פּראָספּעריטי אויסדאַמפען אַלע אונזערע דערגרייכונגען. ווי עס ווייזט אויס, גלויבט ער, אַז אין איראָפּע וועלען די פאַרבעסערונגען ניט האָבען קיין ווירקונג. אַט די לאָגיק איז ווייט ניט איבערצייגענד. אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבען מיר די זעלביגע נביאות געהערט אין באַצוג צו יוניאַנס, אַז זיי זיינען אפשר גוט פאַר די איראָפּייער אָבער קענען ניט בליהען אין אַמעריקע, דאָס לאַנד פון גרויסע מעגליכקייטען און אינדיווידועלער איניציאַטיווע. פּרובירט עס איצט דערציילען דער סי. אַי. אָ.

נאָכדעם ווי ראַבינאָוויטש ענטוויקעלט זיין טעזיס אַז קאָאָפּעראַטיווען זיינען ניט פאַר אַמעריקאַנער אַרבייטער ווייל זיי טראָגען ביי צו סטאַביליזירען דעם קאַפּיטאַליזם, דערקלערט ער גלייכצייטיג אַז זיי זיינען אויסגעצייכענט פאַר די פאַרמער, ווייל זייער לעבען ווערט אויסגעזויגען „פון באַנקירען, גאַזאָלין קאָמפּאַניס און דעפּאַרטמענט סטאָרס". דערמיט בין איך מיט אים איינשטימיג. אָבער פרעגט זיך: מיט וואָס איז די לאַגע פון פאַרמער אין דעם הינזיכט אַנדערש ווי דאָס לעבען פון דעם אַרבייטער? ווערט דער אַרבייטער אַלס קאָנסומענט ניט עקספּלואַטירט פּונקט אַזוי שטאַרק ווי עס ווערט עקספּלואַטירט דער פאַרמער? אויב די פאַרמערס קענען דורך זייערע קאָאָפּעראַטיווען אַרונטערברענגען די פּרייזען פאַר באַמיסטיגונג דאָ אין לאַנד, ווי זיי האָבען עס אַזוי גלענצענד באַוויזען, פאַר וואָס זאָלען די אַרבייטער דאָס אויך ניט קענען באַווייזען דורך די זעלבע מיטלען אַרונטערצוברענגען די פּרייזען פאַר שפּייז, קליידער און וואוינונגען?

זיכער קענען זיי עס. קאָאָפּעראַציע קען זיין א מעכטיג געווער פאַר די אַרבייטער אין זייער איצטיגען קאַמף און אין דערגרייכען א בעסערע געזעלשאַפטליכע אָרדענונג. וואָס די אַרבייטער דאַרפען, איז באַגייסטערט צו ווערען און זיין איבערגעגעבען דעם ציל, און קריגען א קלאָרע פאַרשטענדניש פון די מעטאָדען פון קאָאָפּעראַציע. די אויפגאַבע פון פּראַקטישע סאָציאַליסטען דאַרף זיין ניט צו צעטומלען די אַרבייטער מיט מאַרקסיסטישער פּעדאַנטיק, נאָר אַליין לערנען פון דער ערפאַרונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און איבערגעבען די לעקציעס פון דער ערפאַרונג צו די טרייד יוניאָניסטען און דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג.

# דער האָז

(פאַבעל)

פון נחום יוד

אַ נייער יאָר קומט אָן... און ס'ווילט זיך איצט אַזוי
דער ליידענרייכער וועלט אַ טרייסט־וואָרט זאָגען —
וואָס אפשר גרינגער זיין צו טראָגען
די לאַסט פון ליידען און פון וויי...
דאָך, ווייס איך ניט, צי וועל איך קענען
אויך ברענגען טרייסט אפילו אויף אַ ווייל;
וועל איך שוין בעסער אייך דערציילן
פון לאַפאָנטענען אַ מעשה'לע דערמאָנען.

אַ האָז האָט איינמאָל אויף זיין לעבען זיך פאַרטראַכט:
„צו־וואָס האָט מיך דער מזל אויף דער וועלט געבראַכט
אַז שטענדיג בין איך דאָך אין פחדים, טאָג ווי נאַכט...
און שרעק זיך דאָך פאַר יעדער זאַך, פאַר יעדען הינטעל,
פאַר יעדען רויש פון בלאַט וואָס פאַלט אַראָפּ, —
און הויבט אָן בילען ערגעץ וואו אַ הינטעל,
פאַרליר איך דאָך איינגאַנצען גאָר מיין קאָפּ!...
איך ציטער,
און האָב ניט אויך קיין רו אפילו ווען איך שלאָף...
ווי שווער עס זאָל ניט זיין מיין סוף —
איז אַלץ ניט אַזוי ביטער
ווי לעבען אָט אַזוי אין שרעק — טאָג אויס, טאָג איין"...
אַזוי האָט ער באַשלאָסען
און טאַקע באַלד צום וואַסער זיך געלאָזען,
אַריינצוּוואַרפען זיך אין טייך אַריין.
נאָר ווען ער איז צום וואַסער צוגעקומען,
האָט ער דערזעהן ווי זשאַבעס האָבען גלייך
אין טייך, —
דערשראָקענע פאַר איס — אַריינשפּרינגען גענומען.
„אַזוי, — איז דאָ דער האָז געבליבען שטיין ביים ברעג,
ווייזט אויס עס קען נאָך געבען
אַז איך זאָל אַנדערען אויך ערגעץ אַ שרעק —
נו, אויב אַזוי איז שוין כדאי צו לעבען"...

# די קאאפעראטיווע באוועגונג און די ארבייטער

(אן ענטפער ש. ראבינאוויטש)

## פון אברהם פערלשטיין.



קאנסומערס קאאפעראטיוו איז אן און פאר זיך א פארט פראטעסט געגען דער קאפיטאליסטישער ארדענונג. „דער קווינטעסענץ פון קאאפעראציע, — זאגט דער בארימטער ענגלישער סאציאליסט און עקאנאמיסט העראלד לאסקי — איז די אפליקענונג, אז דער פראפיט־מאטיוו קען ווען עס איז שאפן א גערעכטע מענשליכע געזעלשאפט". א פארברויכער קאאפעראטיוו, דערמיט וואס עס איז באזירט אויף פראדוקציע פאר'ן געברויך און דעמאקראטישען קאנטראל פון פארברויכער, שטעלט אין אויף א באגרעניצטען פלאץ די אידייען און עקאנאמישע באציאונגען וועלכע, ווען אנגעווענדט אויף דער גאנצער געזעלשאפט, קען זיין בלויז סאציאליזם. אן ערפאלגרייכע קאאפעראטיווע באוועגונג, אן און פאר זיך, איז ניט קיין סאציאליזם אבער עס איז א שטארקער באווייז, אז סאציאליזם איז א פראקטישע מעגליכקייט.

האבענדיג אט די איבערצייגונגען, בין איך דעריבער געווען איבעראשט צו לייענען אין סעפטעמבער נומער „גערעכטיגקייט" אן ארטיקעל אין וועלכען קאנסומערס קאאפעראציע ווערט אטאקירט אין נאמען פון סאציאליזם (קענען די ארבייטער האבען נוצען פון קאאפעראטיוען, פון ש. ראבינאוויטש). איך וויל דא דעריבער ערקלערען מיין ניט איינשטימיגקייט מיט דעם שרייבער פון דעם ארטיקעל און אנווייזען פאר וואס סאציאליסטען דארפען שטיצען די קאאפעראטיווע באוועגונג פונקט ווי זיי שטיצען די טרייד יוניאנס, אלס מיטעל צו פארבעסערען דאס לעבען פון די ארבייטער מאסען שוין איצט און ברענגען א נייע געזעלשאפטליכע ארדענונג.

דער פאקט אז די קאאפעראטיוען זיינען אין זייער עצם אנטי־קאפיטאליסטיש קען מען זען, ווען מען פארגלייכט די פרינציפען פון קאנסום־קאאפעראטיוען מיט די פון פריוואט קאפיטאליסטישע געשעפטען.

1) די קאאפעראטיוען זיינען דאס אייגענטום פון די פארברויכער פאר דעם צוועק צו באפרידיגען זייערע באדערפענישען, ניט אלס מיטעל צו מאכען פראפיטען דורך פארקויפען סחורה צו אנדערע.

2) די קאאפעראטיוען ווערען פארוואלטעט דעמאקראטיש, ניט פלוטאקראטיש. מענשען, ניט געלט איז דער קאנטראלירענדער פאקטאר. יעדער פארברויכער־אייגענטימער האט בלויז איין שטימע, אומגעאכטעט וויפיל געלט ער האט אריינגעלייגט אין געשעפט.

3) אויב עס איז פאראן א סורפלוס ביים סוף יאר אין א קאאפעראטיווער אונטערנעמונג גייט עס נישט צו קאפיטאליסטען (אזעלכע זיינען נישטא) און ניט צו די אנגעשטעלטע (זיי קריגען געוויינטליך די העכסטע טרייד־יוניאן שכירות אדער מער), נאר צו די פארברויכער־אייגענטימער אין פראפארציע צו דער סומע פאר וועלכער זיי האבען געקויפט אין דער אונטערנעמונג דורכ'ן יאר.

איך צווייפעל אויב מר. ראבינאוויטש האט פארזיכטיג עקזאמינירט אט די פרינציפען, ווייל ערשטענס, גיט ער אין דעם ארטיקעל ניט קיין באשטימטע דעפיניציע פון דער באוועגונג וועלכע ער קריטיקירט. דאס איז א באקוועמער מיטעל צו קענען ארומפירען די ציל־ברעט צו באגעגענען די קוילען. צווייטענס, איז זיין צוגאנג צו דער פראגע א מיטעלאלטערליכע. ער באנוצט זיך מיט מארקס'ן צו דיסקרעדיטירען די קאאפעראטיווע באוועגונג, פונקט ווי די געלערטע פון מיטעלאלטער פלעגען ברענגען אויסצוגען פון די פארצייטיגע גריכען און רוימער צו באווייזען אז א סלאמאנדער האט קיין מורא ניט פאר פייער.

הויפטזעכליך אבער איז עס זיין טעאריע וואס מאכט אים אוממעגליך צו זעהן די ווירקליכע באדייטונג פון די קאנסום־קאאפעראטיוען. די טעאריע איז, אז דער ארבייטער ווערט עקספלואטירט בלויז אלס פראדוצירער. דעריבער איז יעדער פארזוך זיינער צו באשיצען זיך אלס פארברויכער בלויז א פארלוסט פון ווערטפולער צייט און עס ציט אים בלויז אוועק פון זיין מאראלער פליכט פון קלאסען קאמף.

פון דעם שטאנדפונקט איז דאס איינציגע וואס איז וויכטיג איז שכירות. און פרייזען זיינען גאר נישט. די פרייזען וואס דער ארבייטער צאלט ווערען אפגע'פטר'ט מיט דער באמערקונג: „אויב מיר קריגען העכערע שכירות זיינען מיר אפילו גרייט צו צאלען העכערע פרייזען פאר די זאכען וואס מיר קויפען". דער שרייבער דערמאנט אפילו ניט די פראגע פון קוואליטעט פון די סחורות, כאטש דאס פעלשען פון סחורה איז א באקוועמער מיטעל צו פארגרעסערען די עקספלואטאציע און שניידען די רעאלע שכירות פון די ארבייטער.

די טעאריע אז פרייזען, וואס דער פארברויכער צאלט פאר סחורה איז ניט קיין וויכטיגער עלעמענט אין קלאסען־קאמף, איז, לויט מיין מיינונג, ניט געבויט אויף פאקטען. עס איז דאך קלאר ווי דער טאג, אז די איינציגע ריכטיגע מאס פון דעם ארבייטער'ס וואוילזיין איז ניט די צאל דאלארען וואס ער קריגט פאר זיין ארבייט, נאר די מאס און קוואליטעט פון די ברויט, פוטער, קליידער, וואוינונג און אנדערע סחורות וואס ער דארף האבען פאר זיין פארברויך. קיינער קען מיר ניט איבערצייגען, אז דער ארבייטער איז אין א בעסערער לאגע ווען זיינע שכירות ווערען געהעכערט מיט איין דאלער און די קאסטען פון לעבענסמיטעל ווערען העכער מיט פונקט אזוי פיל. אן אמת'ע פארבעסערונג אין דעם ארבייטער'ס לאגע קען בלויז דערגרייכט ווערען דורך פארקלענערען דעם אונטערשיד פון די שכירות וואס ער קריגט פאר מאכען דעם ארטיקעל און דעם פרייז וואס ער מוז צאלען ווען ער גייט עס קויפען.

די קאאפעראטיווע באוועגונג, וואו זי איז גוט איינגעפעסטיגט, האט שוין באוויזען, אז זי קען פארקלענערען אט דעם אונטערשיד. די שוועדישע באוועגונג רעגולירט שוין איצט ווירקליך די פרייזען פון פילע ארטיקלען איבערן גאנצען לאנד. זי איז געווען איבערהויפט ערפאלגרייך צו פארקלענערען פרייזען אויף ארטיקלען וואס זיינען געווען מאנאפאליזירט, איינפאך דורך אליין ארייגגיין אין די ליניס און ברעכען די מאנאפאלען. דער פרעסטיזש פון די קאאפעראטיוען אין דער הינזיכט איז אזוי גרויס, אז בלויז דער סטראשונאק פון דער קאאפעראטיוו־האלסעיל צו אנהייבען פראדוצירען לינאלעאום, האט געבראכט דערצו אז די פרייזען זאלען אונגעהייער פאלען. די שוועדישע קאאפעראטיוען מעגען זיך דעריבער מיט רעכט נעמען דעם קרעדיט פאר איינשפארען די פארברויכער מיליאנען דאלער יערליך. ניט נאר זיינען די גרעסטע צאל פארברויכער ארבייטער, נאר די קאאפעראטיוען גיבען זיך הויפטזעכליך אפ מיט שפייז און קליידער ארטיקלען וועלכע זיינען צום וויכטיגסטען פאר די ארבייטער.

ענגליכע סומען שפארען אויך אין די פארברויכער די ענגלישע קאאפעראטיוען כאטש זיי טוען עס אויף אן אנדער אופן. אין ענגלאנד פארקויפען ניט די קאאפעראטיוען ביליגער. זיי האלטען אן די פרייזען וואס די פריוואטע קרעמער רעכענען. דורך דעם האבען זיי דורכ'ן יאר 1936 געהאט א ריינעם פראפיט פון 110 מיליאן דאלער. דער סורפלוס, דער גרעסטער טייל פון וועלכען איז אומגעקערט געווארען צו די מיטגלידער און א טייל ווערט געהאלטען אין רעזערוו, איז אן אמת'ער געווינס פאר די ארבייטער, וועלכע זיינען די גרעסטע מערהייט פון די מיטגלידער. עס איז דאס זעלבע ווי א העכערונג אין שכירות וועלכע ווערט ניט נאכגעפאלגט פון העכערע פרייזען.

איך האב ניט קיין סטאטיסטישע באווייזען אז אט דער איינשפארען אויף די פרייזען איז באגלייט געווארען פון א פארקלענערונג אין שכירות, — ווי מר. ראבינאוויטש באהויפטעט אז עס מוז געשען. זיכער איז, אז די קאאפעראטיוען צאלען פארהעלטניסמעסיג הויכע שכירות. אומגעפער צען פראצענט העכער ווי די וואס זייערע פריוואטע קאנקורענטען צאלען, לויט דעם באריכט פון אן אונטערזוכונג פון די קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען אין אייראפע וואס די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען האט פארעפענטליכט לעצטעס יאר. עס איז זיכער אמת, אז אין דעם געוויינליכען ציקעל פון קאפיטאליזם ווערען פארקלענערטע פרייזען נאכגעפאלגט פון א פארקלענערונג אין שכירות. עס איז אבער אויך אמת, אז אין פעריאדען ווען שכירות שטייגען, ווערען פרייזען אין אלגעמיין אויך געהעכערט. אויב דעריבער דאס ערשטע איז אן ארגומענט געגען קאאפעראטיוען, איז דאך דאס צווייטע פונקט אזא ארגומענט געגען יוניאנס.

דאס איז א דילעמע פון וועלכער מיר קענען זיך ניט ארויסדרייען אזוי לאנג ווי דאס פראדוצירען פון סחורות וועט הויפטזעכליך אפהענגען אן דעם לוסט פאר פראפיטען. די אנווענדונג פון קאאפעראטיוען אבער אויף דעם עקאנאמישען שלאכטפעלד ענדערט די לאגע. דער מאטיוו פון די קאאפעראטיוען איז באזארגונג, ניט פראפיט; זייער סורפלוס באלאנגט צו די פארברויכער. ווען א קאאפעראטיוו נעמט די פירערשאפט אין פארקלענערען פרייזען, טוט ער עס ניט שניידענדיג די שכירות פון זיינע אייגענע אנגעשטעלטע. ווען עס זיינען דא שטארקע יוניאנס צווישען די ארבייטער אין די פריוואט אונטערנעמונגען, וועט דארט אויך ניט געשניטען ווערען די שכירות. וואס עס וועט יא פארקלענערט ווערען דורך דעם שניידען פרייזען, איז די פראפיטען פון די פריוואטע אונטערנעמער. אויף דעם אופן קומט פאר אן אמת'ע ענדערונג אין דער פארטיילונג פון איינקונפט צו גונסטען די ארבייטער. לויט דעם ווי איך ווייס, איז דאס איצט די לאגע אין שוועדען און דאס לאנד צייגט איצט דעם וועג דער גאנצער קאאפעראטיווער וועלט.

א חוץ ראבינאוויטש'עס גלויבען אז די קאאפעראטיוען זיינען „נוצלאז אין זייערע עקאנאמישע דערגרייכונגען", גלויבט ער ווי די פראנצויזישע סאציאליסטען פון 1879, אז זיי „זיינען רעאקציאנער לויט זייערע מעטאדען" (די ענטוויקלונג פון די לעצטע זעכציג יאר האבען, שיינט עס געהאט גאר א קליינע ווירקונג אויף זיינע מיינונגען). ער גלויבט, אז די קאאפעראטיוען שוואכען אפ דעם קלאסען־באוואוסטזיין פון די ארבייטער און ווענדען זיי אפ פון קלאסען קאמף. צו שטיצען אט די באהויפטונג זיינע, שפארט ער זיך שווער אן אויף א שרייבער אין „הארפער'ס מעגעזין" אויף וועמעס מיינונג, בין איך זיכער, ער וואלט געלייגט גאנץ ווייניג געוויכט אין אנדערע פראגען. דער אמת איז, ווי יעדער קען זיך איבערצייגען נאכקוקענדיג די געשיכטע פון די קאאפעראטיוען אין דער גאנצער וועלט, אז זיי, פונקט ווי די טרייד יוניאנס, שלאגען זיך געוויינליך דורך א וועג געגען דער אפאזיציע פון קאפיטאליסטישע ביזנעסלייט, פאליטישענס און דער קאפיטאליסטישער פרעסע. איך האב שוין דערמאנט דעם קאמף פון די שוועדישע קאאפעראטיוען געגען קאפיטאליסטישע מאנאפאליעס. די ענגלישע באוועגונג מוז כסדר קעמפען געגען דער פיינדליכער קאפיטאליסטישער פרעסע און די דיסקרימינירענדע טעקסעס און שטערונגען מצד דער רעגירונג. דער דרוק געגען די קאאפעראטיוען איז דאך אזוי שטארק, אז זיי בויען איצט אויף אן אייגענע פרעסע אלס מיטעל צו פארטיידיגען זיך און זיי האבען פארווארפען זייער טראדיציע פון ניט מישען זיך אין פאליטיק און ארגאניזירען אן אייגענע פאליטישע פארטיי (די קאאפעראטיווע פארטיי איז אומאפהענגיג פון דער לייבאר פארטיי, כאטש זי ארבייט מיט איר מיט). אט דער ווירקליכער פאקט פון ארגאניזירען זיך געגען דעם אנגריף פון קאפיטאל, איז וואס באשטימט די ווירקונג פון דער באוועגונג אויף דעם ארבייטער'ס באוואוסטזיין.

ראבינאוויטש פילאזאפירט א סך וועגען דער טעאריע פון ווערט. איז דער ווערט פון פראדוקטען באשטימט פון נאכפראגע און אנבאט, אדער ווי מארקס האט געזאגט, דורך דער מאס ארבייט וואס דער פראדוקט ענטהאלט. (אגב אורחא האט מארקס געזאגט „געזעלשאפטליך ניצליכע ארבייט" — א פראזע וואס גיט אנצוהערען אז פארברויך איז אויך א פאקטאר אין דעם ווערט, ווייל אהן פארברויכער איז קיין ארבייט ניט געזעלשאפטליך ניצליך). איך נעם זיך דעם מוט צו באהויפטען, אז די ווירקונג פון די קא־אפעראטיוען, אויף דעם געדאנקענגאנג פון די ארבייטער האט איבערהויפט ניט. אדער האט זייער ווייניג צו טאן מיט דער טעאריע פון ווערט. די פאקטען זיינען:

1) אז די קאאפעראטיווע באוועגונג איז היסטאריש א טייל פון דער ארבייטער באוועגונג.

2) די פירונג פון די קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען ברענגט דעם ארבייטער אין צוזאמענשטויס אלס פארברויכער מיט די זעלבע קאפיטאליסטישע כחות מיט וועלכע ער קעמפט אלס פראדוצירער. און

3) אז דער פראצעס איז א טייל פון דער ענטוויקלונג פון די ארבייטער וועלכע סאציאליסטען רופען די ענטוויקלונג פון קלאסען־באוואוסטזיין. צו דעם וויל איך נאך אנווייזען, אז די קאאפעראטיוען זיינען אמשטארקסטען פונקט אין די לענדער ענגלאנד, פראנקרייך און די סקאנדינאווישע לענדער, וואו דער קלאסען באוואוסטזיין פון די ארבייטער איז צום שטארקסטען אנטוויקעלט. אויב ראבינאוויטש קען ניט איינזעהן אז די קאאפעראטיוען זיינען

# די 40־שעה׳דיגע אַרבייטס־וואָך און די פּאָליטיק פון דער פראַנצויזישער רעגירונג

(אַ בריף פון פּאַריז)

פון מ. יאַרבלום.

דער רושם וואָס עס האָט אַרויסגערופען די רעדע פון פראַנצויזישען מיניסטער־פּרעזידענט עדואַרד דאַלאַדיע בנוגע דער פערציג שעה׳דיגער אַרבייטס־וואָך, האָט נאָך ניט אויפגעהערט. נאָך די ערקלערונגען פון עדואַרד דאַלאַדיע און נאָך די פילע אונטערהאַנדלונגען צווישען די פּאַרטייען פון דער רעגירונג מעהרהייט און די אינטערווענצען ביי עדואַרד דאַלאַדיע האָט מען זיך אַביסעל באַרוהיגט. נאָר דער נייער דעקרעט פון דער רעגירונג האָט אויפסניי אַרויסגערופען אַ גרויסע פּראָטעסט באַוועגונג.

אָט אין וואָס עס האַנדעלט זיך.

דער געזעץ פון 21טען יוני, 1936, איינער פון די ערשטע און פון די וויכטיגסטע געזעצען פון לעאָן בלום׳ס רעגירונג, באַשטימט די אַרבייטס־צייט אין פראַנקרייך אויף 40 שעה אין דער וואָך אָדער אויף 2,000 שעה אין יאָהר, אין אַלע פּריוואַטע אינדוסטריעלע, קאָמערציעלע, בעל־מלאכה׳שע און קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. אין די מינען גרובען דאַרף די אַרבייטס־צייט ניט איבערשטייגען אַכט און דרייסיג שעה מיט פערציג מינוטען.

דער נייער געזעץ דאַרף ניט פאַרקלענערען דעם לעבענס־ניוואָ פון די אַרבייטער.

דאָס איז דער געזעץ.

ווייטער קומען אָבער דעקרעטען און מיניסטאַרישע באַשלוסען וועגען דעם אופן פון דער אַנווענדונג.

ווי אַזוי אַרבייטען 40 שעה אין דער וואָך?

פינף טעג צו אַכט שעה?

זעקס טעג צו 6 שעה מיט פערציג מינוט?

אָדער אַנדערע קאָמבינאַציעס?

די דעקרעטען, בערך 70, איינצעלנע באַשטימונגען, בערך 20, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין משך פון די יאָהרען 1936 און 1937, געבען אַלע אַנווענדונגס־מעגליכקייטען, רעכענענדיג זיך מיט די אייגענשאַפטען און מיט די באַדערפעניסען פון יעדער אינדוסטריע באַזונדער; נאָר דאָס אַלעס אין די ראַמען פון 40 שעה אין דער וואָך.

דאָס איז בנוגע אַנווענדונגס־מעטאָדען פון געזעץ.

ווייטער קומען אָבער אויסנאַמען פון געזעץ גופא.

קודם כל אין די אינדוסטריעס וואָס אַרבייטען פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג דויערט די אַרבייט 45 שעה אין דער וואָך.

דאָס זעלבע פאַר דרינגענדע, אויסנאַם־אַרבייטען, וואָס דאַרפען שנעל פאַרענדיגט ווערען.

אַ באַזונדער געזעץ ערלויבט אָפּצואַרבייטען די צייט וואָס איז פאַרלוירען געגאַנגען דורך קאָלעקטיווער אָפּשטעלען פון דער אַרבייט.

איינינגע דעקרעטען זעהען פאָראויס אַ קרעדיט פון 75 שעה אין יאָהר פאַר די יעניגע אינדוסטריען וואָס נויטיגען זיך אין דעם. און וואָס אַ חוץ די איבערצייט וואָס זיינען פריהער פאָראויסגעזעהען פאַר אויסערגעוויינליכע אַרבייטען; פאַר די אינדוסטריען פון וועלכע איז אָפּהענגיג אַן ערנסטער טייל פון דער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע האָט דער אַרבייטס־מיניסטער רעכט צו ערלויבען אָווערטיים 100 שעה אַ יאָהר.

פון די אַלע דעקרעטען איז צו זעהן אַז דער געזעץ פון 21טען יוני, 1936, איז ניט אַזוי שטייף, אַז ער איז גענוג בויגעוודיג און אַז ווען דאָס איז באמת נויטיג קען דער אַרבייטס־מיניסטער ערלויבען גאַנץ ערנסטע אויסנאַמען. פאַרשטעה זיך, פאַר אָווערטיים ווערט באַצאָלט אַנדערש ווי די נאָרמאַלע 40 שעה. אַ מיינסטען טייל זעהען די קאָלעקטיווע אָפּמאַכען פאַראויס 25 פּראָצענט העכערונג פון נאָרמאַלען לוין. דאָס איז אין הסכם פון באַשלוס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטס־קאָנפערענץ פון וואַשינגטאָן פון 1919.

ביי די דאָזיגע באַדינגונגען האָבען די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס ניט געמאַכט קיין באַזונדערע שוועריגקייטען אין די פאַלען ווען אונטערנעמונגען האָבען באמת זיך גענויטיגט אין אַ צוגאָב־אַרבייט.

דאָס וואָס די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס האָבען געוואָלט איז געווען אַז קודם כל זאָל מען זוכען אַנדערע וועגען פאַר דער פאַרגרעסערטער אַרבייט: אָנשטעלען נייע אַרבייטער פון די אַרבייטסלאָזע, פאַרבעסערען די מאַשינען א. אַז. וו. און בלויז נאָך דעם זיך באַנוצען מיט פאַרלענגערען די אַרבייטס־צייט.

און דעריבער טאַקע האָט די רעדע פון עדואַרד דאַלאַדיע אַרויסגערופען אַזאַ אויפרעגונג.

צו וואָס אַזאַ העפטיגע קריטיק געגען געזעץ בשעת מען קען אַלעס דערגרייכען אין די ראַמען פון געזעץ, דורך פאַרשטענדיגונג.

עס איז דאָך קלאָהר געווען אַז עס קען זיך האַנדלען בלויז וועגען אויסנאַמען. אין אַ גרויסען טייל פון דער אינדוסטריע אַרבייט מען דאָך אפילו ניט די ערלויבטע פערציג שעה אין דער וואָך! אין דער טעקסטיל אינדוסטריע, צ. ב., אין די אונטערנעמונגען פון מינימום 100 אַרבייטער איז קנאַפּע 46 פּראָצענט אַרבייטען ווייניגער פון 40 שעה אין דער וואָך.

אַ חוץ דעם, דאָס וואָס האָט שאָקירט אין דער רעדע פון דאַלאַדיע איז דער טאָן. ער האָט קריטיקירט בלויז די פערציג שעה, און מיט קיין איין וואָרט ניט קריטיקירט די קאַפּיטאַליסטען וואָס סאַבאָטאַזשירען דעם געזעץ, וואָס ווילען ניט זוכען אַנדערע מעטאָדען צו פאַרשטאַרקען די פּראָדוקציע, און אויך ניט די יעניגע „פּאַטריאָטען״ וואָס פיהרען אַרויס זייערע קאַפּיטאַלען פון לאַנד, פאַרשטאַרקענדיג דערמיט דעם ווירטשאַפטליכען און פינאַנציעלען קריזיס.

און ענדליך, דאַלאַדיע האָט אין זיין רעדע ערקלערט אַז די העכערונגען פון לוין פאַר די איבערשטונדען דאַרף זיין באַשיידען: 10 פּראָצענט בערך און נישט 25 פּראָצענט!

דאָס וואָלט באמת געהייסען אָפּשאַפען דעם געזעץ פון 40 שעה׳דיגער אַרבייטס־וואָך.

דאָס אַלעס האָט פאַרשטאַרקט די אויפרעגונג און האָט אַרויסגערופען די רעזיגנאַציע פון אַרבייטס־מיניסטער ראַמאַדיע און פון מיניסטער פאַר געזעלשאַפטליכע אַרבייטען, פראָסאַר.

דאַלאַדיע און זיין פּאַרטיי האָבען ערקלערט אַז מען האָט פאַלש אויסגעטייטשט די רעדע, אַז קיין מאָל האָט דער מיניסטער פּרעזידענט ניט געטראַכט וועגען אָפּשאַפען דעם געזעץ. עס האָט זיך געהאַנדעלט בלויז וועגען לייכטער מאַכען די אַנווענדונג, רעכענענדיג זיך מיט די באַדערפעניסען פון דער אינדוסטריע. אין דער גאַנצער וועלט אַרבייט מען לענגער; די 40 שעה׳דיגע אַרבייטס־וואָך עקזיסטירט בלויז אין פראַנקרייך און אין מעקסיקאָ. אין די שכנ׳ישע לענדער אַרבייט מען 45 און 48 שעה אין דער וואָך. מען מוז אַלזאָ אויך אין פראַנקרייך אַרבייטען מעהר דאָ, וואו עס איז נויטיג, אויפהאַלטענדיג אין אַלגעמיינעם דעם געזעץ פון 40 שעה.

די רעגירונג האָט ענדליך די טעג אויסגעאַרבייט אַ נייעם דעקרעט וועלכער ענטהאַלט פאָלגענדע ענדערונגען:

בנוגע דער אינדוסטריע וואָס אַרבייט פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג קען די רעגירונג אַליין פאַרלענגערען די אַרבייטס־צייט אין הסכם מיט׳ן אַרבייטס־מיניסטער.

צווייטענס: אין דער איבעריגער אינדוסטריע ערלויבט דער אַרבייטס־מיניסטער אַ חוץ די שוין איינגעפיהרטע צוגאָב־צייט, נאָך אַ צאָהל שטונדען, ביז 100 אין יאָהר. דער מיניסטער וועט די ערלויבעניש געבען אויב עס וועט ניט מעגליך זיין צו באַפרידיגען די באַדערפעניסען דורך אויסנוצען אַרבייטסלאָזע אָדער דורך אַנדערע מיטלען.

דריטענס: ביז איצט האָט דער אונטערנעמער באַדאַרפט באַקומען אַ ערלויבעניש אויף איבערשטונדען; אויף ווייטער וועט גענוג זיין אַז ער לאָזט וויסען אַז ער נויטיגט זיך און פיהרט אין ביי זיך די איבערשטונדען. דער אַרבייטס־אינספעקטאָר וועט קענען לייגען זיין וועטאָ, אויב ער וועט האַלטען אַז מען האָט געקאָנט אויסמיידען די איבערשטונדען. דער דאָזיגער פונקט וועט, גויט דעם געזעץ, איבערגעגעבען ווערען פאַר באַטראַכטונג צו די אונטערנעמער און אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און דעם נאַציאָנאַלען ווירטשאַפטס־ראַט.

און ענדליך די רעגירונג גרייט צו אַ געזעץ פאַר דעם פּאַרלאַמענט וועגען פּראָצענט פון העכערען די לוינען פאַר די איבערשטונדען, פאַרקלענערען אים ווען עס וועט זיין נויטיג.

דאָס איז דער אינהאַלט פון לעצטען דעקרעט. אין אַלגעמיינעם איז ער ניט אין אַ ווידערשפּרוך צום געזעץ פון 21טען יוני, 1936, איבער דער פערציג שעה׳דיגער אַרבייטס־וואָך.

דער ערשטער פונקט — בנוגע דער אינדוסטריע פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונגס — איז ניט ניי, די רעגירונג קען דאָס טאָן שוין לויט די פריהערדיגע דעקרעטען.

דער צווייטער פונקט וועגען די 100 צוגאָב־שעה׳ן אין יאָהר איז אויך שוין, נאָך פאַר דער רעדע פון דאַלאַדיע, באַטראַכט געוואָרען דורך דעם אַרבייטס־מיניסטער.

ערגער איז מיט דעם דריטען פונקט וואָס מאַכט שוין צו לייכט פאַר די אונטערנעמער דאָס איינפיהרען איבערשטונדען. אַלעס וועט אָפּהענגיג זיין פון אַרבייטס־אינספעקטאָר. בלויז ער וועט אורטיילען אויב די אונטערנעמונג האָט ניט געהאַט קיין אַנדערען אויסוועג ווי אָווערטיים. לויט וועלכע אינסטרוקציעס וועט ער אורטיילען? צי וועט ער אויסמיידען ביידע צדדים?

און ענדליך, דער פערטער פונקט וועגען פּראָצענט פון העכערען געצאָלט פאַר אָווערטיים.

אויב די רעגירונג זאָל באַקומען דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען דעם פּראָצענט, וואו איז די גאַראַנטיע פאַר׳ן אַרבייטער־קלאַס אַז דער פּראָצענט זאָל ניט זיין צו קליין? אויב באמת דער אונטערשייד צווישען די לוינען פאַר די נאָרמאַלע און איבערשטונדען זאָל זיין גאָר אומבאַדייטענד, דאַן פאַרלירט דער געזעץ איבער די 40 שטונדען זיין גאַנצען ווערט און באַדייטונג. נאָר די דאָזיגע פראַגע וועט דאָך קומען צום פּאַרלאַמענט און דאָ וועט שטעהן די פראַגע אויף וועלכער מעהרהייט וויל זיך שטיצען עדואַרד דאַלאַדיע: אויף די פאָלקס־פראָנט פּאַרטייען, אָדער אויף די רעכטע. דער פראַנצויזישער פּרעמיער־מיניסטער האָט שאַרף אָפּגעוואָרפען דעם פאָרוואורף, אַז ער איז גרייט צו בייטען די מעהרהייט; ער האָט דאָס באַטראַכט אַלס אַ באַליידיגונג, אַזוי אַז עס וועט זיין ניט צו שווער צו קומען צו אַ הסכם.

דערווייל רופען די געווערקשאַפטען צו פּראָטעסטען. די קאָמוניסטען שטעהען בראש פון דער פּראָטעסט באַוועגונג.

איז זי באַרעכטיגט?

זיכער, נאָר ניט אין אַזאַ פאָרנעם, ווי דאָס האָט ריכטיג אָנגעוויזען לעאָן בלום. עס איז נויטיג צו שטעהן אויף דער וואָך, ניט צו דערלאָזען אַז די סאָציאַלע געזעצען פון דער רעגירונג פון לעאָן בלום זאָלען אַנולירט ווערען. נאָר אין דער זעלבער צייט דאַרף גאָרניט געטאָן ווערען וואָס קען ברעכען די איינהייט פון פאָלקס־פראָנט. אַנדערש האַנדלען וועט הייסען אַרבייטען פאַר דער רעאַקציע, פאַר׳ן פאַשיזם.

פאַרטיידיגען די סאָציאַלע ערוואַרבונגען פון 1936 און 1937, נאָר מיט אַזעלכע מיטלען וואָס זאָלען זיין מסוגל אויפצוהאַלטען די גאַנצקייט פון פאָלקס־פראָנט.

---

קושען דעם אַרבייטער פאַר די גוטע ווערטער וואָס ער האָט אים געזאָגט. זיינע געדאַנקען האָבען אים ווי אויף פליגעל אהיימגעטראָגען. אָט נעמט ער אַרום זיין פרוי און קושט איר: „מזל טוב, חנה, אויסגעהאַלטען די פּראָבע! איך בין שוין ווידער דיין פרנסה־געבער...״

פלוצים האָט מאַרקוס דערפילט אַ האַנט אויף זיין אַקסעל. ער האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָן ווי מען וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף. ער האָט זיך אויסגעדרייט און איינער פון זיינע באַלעבאַטים האָט אים דערלאַנגט אַ קליינעם קאָנווערט מיט די שכירות זיינע, און אָפּיר געגומען זיין לאַנגען בליישטיפט פון הינטערן אויער און געזאָגט:

— לאָזט אונז אייער אַדרעס! אפשר וועט נאָך אַ פּלאַן טאָן, וועלען מיר אייך רופען...

אַרבייטער האָבען זיך געשושקעט:

— ער לייגט אים אָפּ.

— נו, וואָס דען?

— אַ רחמנות. — האָט איינער אָפּגעזיפצט.

מאַרקוס האָט זיך געפּלאָנטערט. ניט געדענקט זיין אייגענעם אַדרעס. ער האָט דערפילט אַ מישעניש אין קאָפּ — דער שאָפּ, די אַרבייטער, די געשטאָפּטע פיגורען, אַלץ האָט זיך געדרייט פאַר זיינע אויגען. אין גומען איז אים געוואָרען אַזוי טרוקען. די קניע האָבען ביי אים אָנגעהויבען ציטערען. אָט, אָט פאַלט ער אַנידער. ער האָט זיך ווי אַ בלינדער צוגעשאַרט צו דער טיר.

# אויף פראבע

פון ברוך מילער.

(דערציילונג)

דאס איז פינף טעג אין א מענשענ'ס לעבען? אפטמאל, איידער מען קוקט זיך ארום זיינען זיי ווי פייגעל אוועקגעפלויגען.

אט אזוי פילאזאפירט מארקוס, בעת ער דרייט א לאנגען מאנטעל אונטער דער בלאנקער נאדעל פון זיין מאשין. ער שטעפט און טראכט. אים קומט אויפ'ן זינען טרויעריקע טעג, ווען ער איז הינטער גראטעס געזעסען פאר פאליטישער ארבייט אמאל אין זיין פריער יוגענט. און אים דאכט זיך, אז יענע טעג זיינען ניט געקראכען אזוי פאמעלעך ווי די דא אין שאפ. ער איז ביי זיך כמעט זיכער, אז איידער די פראבע טעג וועלען זיין פאריבער, וועט זיין קאפ זיין איינגעטונקט אין גרויע האר. וואס איז דער וואונדער? אז אלע מאל ווען ער גייט נאך ארבייט קלאפט אים דאס הארץ אזוי שטארק. דעם גאנצען וועג הערט ער עפעס א שושקעריי אין די אויערען: „דו וועסט מער קיין ארבייט ניט קריגען! פאק זיך איין!"

דערזעט מארקוס ווי זיינע צוויי באלעבאטים ריידען עפעס צווישען זיך, דוכט זיך אים, אז דאס ריידען זיי וועגען אים, וועגען זיין ארבייט. זיי קוקען שוין ארויס ער זאל פארטיג ווערען מיט זיינע פאר מאנטלען און זיי וועלען אים שוין הייסען גיין: „יא, זיי קוקען טאקע אין זיין ריכטונג! אט לאזט זיך טאקע איינער פון זיי אהער צו די מאשינען"...

צוליב אזא סארט טראכטעניש האט איינמאל פאסירט אז מארקוס האט אריינגעניים די שער זיינע אין א גרויסען קאלנער. זיין גליק וואס ער האט זיך געכאפט אין צייט, אז ניט וואלט ער שוין געווען פון יענער זייט טיר.

פארוואס קומט דאס אים, — ווילט זיך אים אויסשרייען, — אז ער זאל דעם גאנצען טאג ארומשוועבען צווישען יא און ניין? וואו איז אהינגעקומען זיין צוטרוי צו זיך? אט זעט ער באקאנטע פנים'ער, וואלט ער זיך באדארפט פילען היימלעכער. בויערט דאס גאר זיין מוח: איז דאס גוט פאר אים, אדער ניט? . . . וועלען זיי אריינווארפען א גוט ווארט פאר אים, אדער גאר פארקערט?...

ארבייטער זינגען לידער און מארקוס איז זיי שטארק מקנא. עס ווילט זיך אים זיי מיטהעלפען. ער האט אזוי ליב געזאנג, אלע זיינע יארען געזונגען ביי דער ארבייט. אפילו זיין מאשין פלעגט מיטזינגען. עס האט ווי געקיצעלט אין גארגעל. אט, אט, צוזינגט ער זיך און זיין שכן קלאפט אים אין פלייצע: „א פיינע שטימע ביי אייך!" אבער ער מוסר'ט זיך באלד: „די פירמע קאן דאס נאך באטראכטען פאר חוצפה. דאס פאסט פאר אן אלטע האנט..." און ער האלט זיך אפילו צוריק פון א שמייכעל טאן ווען ער הערט א וויץ דערציילען. זיינע ליפען בעטען זיך: „גיב א שמייכעל", אבער אים דאכט זיך, אז מען היט אים פון אלע זייטען, זיין יעדען ריר, און ער קאן ניט וויסען וואס עס קאן אים ברענגען שאדען און וואס ניט.

מארקוס איז זיכער ביי זיך, אז די ארבייטער באטראכטען אים פאר עפעס א לעקיש, א קאלב, וואס ווייסט בלויז איין זאך: שטעפען, און ניט מער. פארדריסט דאס אים ביז גאר און ער הייבט זיך אן אויס'טענה'ן מיט זיי ביי זיך אין געדאנק, אז ער איז פונקט אזוי ריידעוודיג ווי זיי, פונקט אזוי וויציג ווי זיי, נאר געבונדען פון דער צייט מער פון זיי אלעמען. אן אט דעם שאפ הענגט אפ זיין מארגען. די פינף טעג פראבע וועלען דארפען באשטימען צי ער וועט קאנען וואוינען אין א דירה מיט מענשען גלייך, אדער גאר געפינען זיך מיט זיין ביסעל ארימקייט אויף דער גאס...

פארנאכט, ווען דער וואנט זייגער הייבט אן אפשטעלען [illegible] ווערען פון ארבייטער בליקען, ווען דער גרויסער [illegible]ער האט שוין אויסגעמאסטען דעם געלען ציפער־בלאט [illegible] מאל ארום און ארום; עס ווילט זיך אייניגע וויסען [illegible] וועלען זיי נאך קענען פארטיג ווערען מיט די מאנטלען [illegible] זיי נייען. אנדערע ווילען שוין פטור ווערען פון די [illegible]ען וואס זיינען נאך פארבליבען הענגען אויף דער [illegible] און שוין גיין אהיים. פלוצלונג דאן באפאלט מאר[illegible] א ציטערניש. די באוועל האלט זיך אין איין [illegible]. זיין פנים רויטעלט זיך פאר בושה, די שער [illegible] אים פון די הענט און קלינגט אפ אויפ'ן דיל. [illegible] היצלען זיך, אז דאס איז א סימן פון א גר[illegible]... מארקוס הערט דאס אפילו ניט. ער איז פאר[illegible] זיך, עס ווילט זיך אים וויסען צי וועט ער זיך [illegible] מארגען אויך דא געפינען. זיינע געדאנקען שמועסען זיך דורך:

„פארוואס ניט?"

„ווער ווייסט?"

„די ארבייט איז דאך געפעלען."

„ס'איז פראבע צייט" — דא ווילט זיך אים אויסשרייען, אז ער וואלט גיכער געזעסען פינף טעג נאכאנאנד, איידער דארפען ווארטען פאר אן אורטייל יעדען פארנאכט באזונדער.

פאר דער פרוי זיינער האט ער זיך באקלאגט, אז אים איז נאך ערגער פון אן אקטיאר. ער האט גע'טענה'ט, אז אן אקטיאר דארף זיך אריינפאסען אין א פרעמדער ראלע פאר א ווילע בלויז, בעת ער זיבען שעה א טאג. און אז דורך דעם גאנצען טאג דאכט זיך אים אויס, אז די פיר אויגען פון די צוויי באלעבאטים זיינע, וואכען בלויז איבער אים. אז אין יעדען ווינקעלע פון שאפ, הענגען אויערען, גרייט זיך אונטערצוהערען. זאל ער נאר זאגען א ווארט וואס וועט דער פירמע ניט געפעלען... דארום זיצט ער אפ דעם טאג ווי א שטומער. און אז ער דארף גיין אהיים, איז די טיר פאר אים ווי א טויער פון א גהינם. וואס איז דאס פאר א לעבען? — עס האט אויסגעזען ווי אט, אט, צעוויינט ער זיך. די פרוי האט אים געטרייסט:

— בעני, וואס איז מיט דיר? עס איז דאך בלויז פינף טעג. אמאל איז דאך געווען וואכען. וואסושע, דו האסט שוין פארגעסען?

— ביסט גערעכט, חנה! אבער אמאל זיינען דאך ניט געווען אזוי פיל איבעריגע מענשען. האב איך אמאל גענומען א פראבע אזוי ערנסט? יא, יא! ניין, ניין! און באלד בין איך געווען אויף א צווייטען דזשאב. אבער היינט? — ער האט אנגעהויבען נערוועז ארומשפאנען איבער'ן הויז. גערעדט צו זיך אליין:

— ס'איז פינף יאר, ניט קיין פינף טעג... — די פרוי האט זיך אנגעהויבען בייזערן:

— נו, דו ביסט דאך ניט דער איינציגער. גיי שוין עסען.

איז מארקוס שטיל געבליבען. זיך געזעצט צום טיש, געקוקט אויף זיין טאכטער העלען, וואס איז געזעסען קעגנאיבער מיט אן אפענעם בוך און געגעסען און געלייענט. ער האט פלוצים געקראגען גרויס מיטלייד מיט איר, וואס זי, נאך קיין אכצען יאר ניט אלט, דארף אלעמען אויסהאלטען מיט עסען... עס האט זיך אים געדאכט אז זי איז ברוגז אויף אים... ער האט געפילט ווי זאגען איר: „טאכטער, באלד וועסטו שוין האבען דיינע 12 דאלער פאר זיך אליין. א מיידל דארף זיך קליידען שיין"... אבער באלד גיט ער א טראכט: וואס פאר א פנים וועט ער האבען פאר איר, אויב עס וועט זיך ביי אים אויסלאזען א בוידעם? דאך טרייסט ער איר:

— העלען, עס וועט ניט אלע מאל זיין אזוי....

העלען קוקט אין בוך אריין און ענטפערט:

— איך ווייס, איך ווייס.

מארקוס וויל איר פרעגען פון וואנען ווייסט זי דאס. ער טראכט, אז זיין פאמיליע איז שוין אפנים זיכער אז ער בלייבט ארבייטען, אבער ער ניט. זיין ארבייט געפעלט טאקע, אבער פראבע איז פראבע. א סימן אז דאס איז אריינגעשריבען אין אגרימענט שווארץ אויף ווייס.

איין נאכט האט ער געהאט א מאדנעם חלום. ער האט געזען זיינע צוויי באלעבאטים מיט בליישטיפטען הינטער זייערע אויערען, וואס האבען אים אויסגעזען ווי הערנער. זיי זיינען געשטאנען לעבען זיין מאשין און איינער האט געזאגט צום צווייטען: „ער זיצט עפעס ניט ווי קיין באלמעלאכע... ער איז שוין צו אלט... ער וועט קיין טאג ארבייט ניט געבען"... זיי שושקען זיך... ער האלט די שער זיינע אין האנט, און זי ציטערט ביי אים אזוי שטארק, אז ער שניידט אין די סחורה פון א מאנטעל און באלד הערט ער עמיצען לאכען הויך אויף א קול: „שלים מזל, דו וועסט שוין דיינע שכירות ניט קריגען!" באלד חלומ'ט זיך אים אז ער איז אין א טורמע. ער איז נאקעט און עמיצער שפריצט אויף אים קאלטע וואסער און ער שרייט.

די פרוי האט אים גע[illegible]: — בעני, וואס שרייסטו? מארקוס האט זיך אויפגעוועקט. געפינסטעלט מיט די אויגען און געפרעגט:

— וואו בין איך? וואו בין איך? — די פרוי האט זיך צולאכט.

— ביסט אין הימעל! — האט זי אים געזאגט. מארקוס איז געזעסען אויפ'ן בעט א פאר'חידוש'טער: ווער זאל דאס זיין די פרוי וואס לאכט? ער האט געגלאצט מיט די אויגען אין דער חושך'דיגער אומגעבונג ארום זיך, נאך אלץ געווען אין שרעק. זיך מורא געהאט צו באוועגען. אפילו דאן ווען די פרוי זיינע האט ליכטיג געמאכט. ער האט זיך גוט איינגעקוקט אין איר, ווי ער וואלט זי ניט דערקאנט. דערפאר אבער, ווען ער האט זיך אויסגעטשוכעט, האט ער איר ארומגעכאפט קושען און אויך שטארק געלאכט. עס האט אים הנאה געטאן, וואס עס איז בלויז געווען א נארישער חלום.

---

דעם לעצטען טאג איז מארקוס געווען אן איבערגעביטענער מענש, ער האט זיך געטראכט אז די פירמע האט אים צורו געלאזט ביז איצט, וועט שוין קיין שטערונג ניט זיין צו ווערען א בירגער אין שאפ גלייך מיט אלע אנדערע. ער האט שוין פאר זיך געזען א מארגען ווען ער וועט קענען א זינג טאן, א שטיף טאן. אז דער טאג זאל אים ניט זיין אזוי מאנאטאן, אזוי לאנגווייליג ווי ביז אהער. ער איז געזעסען ביים מאשין מיט א לייכטערען געמיט, מיט מער צוטרוי צו זיך. זיינע אויגען האבען אויסגעזען גלאנציג. צייטענווייז האט זיך אפילו פאר'גנב'עט א שמייכעל אויף זיין פנים. ער איז היינט אויך ניט געזעסען אזוי שטייף ווי אין די פריערדיגע טעג, ניט אזוי איינגעבויגען מער.

איז ער געזעסען, געדרייט אהין און אהער שטיקלעך געדערעם פון גרינעם מאנטעל וואס האלט אין געבוירען ווערען. די בלאנקע נאדעל האט געטאנצט אראפ און ארויף און פארזייט גלייכע רייען גרינע שטעך וואס האט אויסגעזען ווי א גרין שטיקעל פעלד. דאס רעדעל האט זיך געדרייט און געדרייט. און מארקוס האט בשעת מעשה געפלאנעוועט ווי אזוי ער וועט איינשטעלען זיין לעבענס שטייגער פון מארגען אן: „אויס מיט דעם לעבען אויף זיין העלענ'ס שכירות"... עס האט זיך ביי אים צייטענווייז דורכגעווארפען א נעכטיג געדאנקעל און זיך געבייזערט: ווארט, וועסט נאך צייט האבען צו מאכען דיינע פלענער! אבער די פריילעכע געדאנקען האבען זיך אויף דעם א ווארף געטאן און דאס גלייך דערשטיקט.

מארקוס וואלט געקאנט שווערען, אז די באלעבאטים זיינע ווארפען אויף אים פריינטליכע בליקען, בעת זיי באטראכטען זיינעם א מאנטעל אויף דער פיגור. אז זיין שכן שמייכעלט צו אים, ער וויל צו אים רעדען. נאר ער וויל, אז ער, מארקוס, דער נייער באלמעלאכע, זאל אנהויבען פריער רעדען. אבער באלד האט ער חרטה. ווער ווייס, אפשר וועט דאס אים קאליע מאכען? ער האט אן אנגעווייטאגט הארץ און אז ער וועט זיך צורעדען, ווער ווייס וואס ביי אים קען זיך ארויסכאפען? ער האט גראדע געפילט ווי זיך באקלאגען פאר אים, אז דער זייגער ציט היינט דעם טאג לענגער נאך ווי די פריערדיגע טעג... נאר דער שכן קען אים נאך באטראכטען אז ער איז עפעס א פוילער, אז ער וויל ניט ארבייטען. און ער האט זיך גאר אוועקגעטראגען מיט זיינע געדאנקען אהיים צו זיין געבורטס־שטעטעל, זיך דערמאנט וואס פאר א ברען ער איז דאמאלסט געווען. די באבע זיינע האט גע'מוסר'ט: דו ווילסט ארונטערווארפען דעם קייסער? מארקוס צושמייכעלט זיך און קיינער אין שאפ ווייס ניט פארוואס. באלד ווערט זיין פנים שטארק ערנסט. ער גיט זיך אפ חשבון־הנפש, אז איצט האט ער בלויז איין פארלאנג — פרנסה... דאך טרייסט ער זיך, אז ער וועט א ביסעל צו זיך קומען, וועט ער ווידער ווערען אן אקטיווער מענטש, זארגען פארן כלל...

מיט אמאל איז דער גערויש פון די מאשינען ווי מיט א מעסער איבערגעשניטען געווארען. עס איז בלויז געבליבען הייגען אין די אויערען פון די באלמעלאכעס, געקלונגען ווי גלעקער וואלטען דארט געהאנגען.

מארקוס האט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיינע ביינער און געלאזט זיך גיין אנטאן. ארונטערגעקליבען פון זיך שטיקלאך באוועל, וואס האבען אויסגעזען ווי ווערימלעך. דאס אויך געטאן צו א צווייטען ארבייטער לעבען אים. יענער האט אים געדאנקט און אים אויך געזאגט אז ער קען שוין רואיג גיין אהיים. אז מען האט אים ביז איצט גאר ניט געזאגט איז דאס א גוטער סימן. מארקוס האט געפילט ווי ארומכאפען

# לאָמיר זיין געזונט

פון נ. מינקאָף.



אס געזונט־צושטאַנד און די מעדיצינישע באהאנדלונג פון די ברייטע מאַסען אַמעריקאַנער בירגער, איבערהויפט די טרויעריג־באַרימטע „דריטעל״, וועלכע ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט פון פרעזידענט רוזוועלט אין זיינע רעדעס, און וועלכע לייַדט אַזוי פיל נויט און דחקות דורך דעם איצטיגען עקאָנאָמישען קריזיס, איז לעצטענס געוואָרען אַ פּאָפּולערע טעמע צווישען סאָציאַלאָגען, דאָקטוירים און סתם געזעלשאַפטלאכע טוער. די לעזער פון „גערעכטיגקייט״ און די איבעריגע מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאָנעל משפחה, וועלען געוויס זיין פאַראינטערעסירט צו באַקענען זיך אַביסעל נעענטער מיט דעם ענין און וויסען וואָס מען פּלאַנעוועט צו טאָן אויף דעם געביט.

די פּיאָנערען און בויער פון דער אידיש־אַמעריקאַנער ארבייטער באוועגונג האָבען זיך, צוליב פאַרשטענדליכע אורזאַכען, ווייניג אָפּגעגעבען מיט דער פראגע פון דעם געזונט־צושטאַנד פון זייערע מיטגלידער. דער ביטערער קאמף צו פאַרבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די ארבייטער האָט פאַרנומען דעם איבערן־אָן. יענע צייטען שטעלען מיט זיך פאָר די גלאָררייכע פּעריאָדע פון אונזערע היגע יוניאָנס. יענע קאַמפּען האָבען ניט נאָר געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר פילע פון די היינטיגע שטאַרקע און גרויסע אָרגאַניזאַציעס, נאָר זיי האָבען אויך אינספּירירט די היגע געבאָרענע ארבייטער אויפצונעמען אַ קאַמף געגען זייערע בעלי בתים.

מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָבען איניגע פון אונזערע לאָקאַלען גענומען איינפיהרען קראַנקען און קאָנסאַמפּשאָן־בענעפיט פאָנדען. איצטער זיינען דאָ אַן ערך 15 ניו יאָרקער לאָקאַלען וועלכע האָבען עטאַבלירט קראַנקען־פאַרזיכערונג פאָנדען. אונזער אינטערנעשאָנאַל האָט אויך איצט אַ טויט־פאַרזיכערונג פאָנד וועלכער באַצאָהלט פאַר דער מינימאַלערביישטייערונג פון 1 דאָלער אַ יאָר ניט ווייניגער ווי 150 דאָלער טויטען בענעפיט.

אנדערש איז אָבער געווען מיט די אַמעריקאַנער יוניאָנס. פילע פון זיי האָבען זיך לכתחילה אָרגאַניזירט אַלס געגענזייטיגע הילפס־אָרגאַניזאַציעס און ערשט מיט יאָהרען שפּעטער האָט דער עקאָנאָמישער קאמף גענומען שפּילען אַ ראָליע. צווישען די קערפּערשאַפטען מעגען דערמאָנט ווערען די „בראָדערהוד אָוו לאָקאָמאָטיוו פייערמען״, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1871, און שפּעטער די סיגאַר מאַכער יוניאָן. די, אַזוי גוט ווי מאַנכע פון די בילדינג־ און פּרינטינג־טרייד יוניאָנס האָבען נאָך ביז היינט צו טאָג פאַרשיידענארטיגע בענעפיט סיסטעמען, וועלכע פאַרזיכערען די מיטגלידער געגען ארבייטסלאָזיגקייט, קראַנקהייט און טויטען בענעפיט.

די פעדעראלע און שטאַט־רעגירונגען האָבען אָבער ביז מיט אַ 2 צענדליג יאָהר צוריק זייער ווייניג געטאָן אויף דעם געביט. די פאַראייניגטע שטאַטען, אָדער אַמעריקע, ווי די אימיגראַנטען רופען אונזער מדינה, איז, פאַרהעלטניסמעסיג, אַ נייַ לאַנד. זי האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען ערשט נאָך דעם בירגער־קריג. ביז דאַן האָט קיינער ניט געטראַכט פון געזונט אָדער פון פאַרזיכערונג. אין דרום האָבען רעגירט די גרויסע פּריצים, וואָס שוואַרצע שקלאַפען אין די צענדליגערטויזענטער האָבען בעאַרבייט די „קאָטאָן״ פעלדער. עס איז גאַנץ מעגליך אַז די אַדעליגע „פּלענטערס״ האָבען געהאַט אַ גרעסערען אינטערעס אין דעם געזונטס צושטאַנד פון זייערע שוואַרצע לייב־שקלאַפען ווי די הייסע קלאַוק און דרעס מאַנופעקטשורערס האָבען אין די ווייסע לויר־שקלאַפען. די לעצטע דאַרף מען ניט שפּייזען און מען דאַרף זיי ניט קויפען. די פאַרדינגען זיך דאָ אַליין אַזוי גערן און אַזוי ביליג, אַז די אַמאָליגע פּריצים פון דער סאַוטה האָלטען זיי זיכער מקנא געווען. יעדענפאַלס, ניט די בעל הבתים און ניט די רעגירונג האָט געטראַכט אָדער עפּעס געטאָן אויפ'ן געביט פון פאַרבעסערען דעם געזונט־צושטאַנד אָדער איינפיהרען אירגענד וועלכע פאַרזיכערונגס־פאָנדען פאַר די מאַסען. דאָס וועלכע איז אויך געווען אמת וועגען די גרויסע שיפבוילדער און קליינע מאַנופאַקטשור אונטערנעמער פון צפון (נאָרט) אַמעריקע.

נאָכ'ן בירגער קריג, ווען דאָס לאַנד האָט זיך גענומען אויסברייטערן און מיליאָנען אימיגראַנטען האָבען אָנגעפאַנגען צו שטראָמען אַהער פון איירָאָפּע, איז געוויס קיינעם ניט אָנגעגאַנגען ווי די אָרימע מאַסען לעבען און וואָס איז זייער געזונט־צושטאַנד. בלויז ווען עס פלעגט ערגעץ אויסברעכען אַן עפּידעמיע, פלעגען אונזערע פּאָליטישענס אַביסעל פאַרטראַכטען זיך וועגען דעם. אָבער בלויז פאַר אַ ווייַלע. פאַראיבער דער טומעל — און אַלץ איז געבליבען ביים אַלטען.

עס איז דאָ כדאי צו באַמערקען, אַז דער ערשטער פאָרשלאָג אַריינגעבראַכט צו ווערען אין דער ניו יאָרקער אַסעמבלי, וועלכער האָט באַצוועקט צו אונטערזוכען דעם געזונטס־צושטאַנד פון די בירגער פון ניו יאָרק, איז געווען דורך דעם סאָציאַליסט לואי וואַלדמאַן אין יאָר 1918.

ציפערען וועלכע זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אויף דער נאָר־וואָס אָפּגעהאַלטענער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין וואַשינגטאָן — טאַקע אונטער דער אויפזיכט פון דער פעדעראַלער רעגירונג — און אויף וועלכער 174 דעלעגאַטען האָבען פאַרטראָטען איבער 50 מיליאָן אַמעריקאַנער בירגער, באַשטעטיגען אויף ווי ווייט די רעגירונג האָט פאַרנאַכלעסיגט דעם געזונט־צושטאַנד פון אַמעריקאַנער פאָלק. פון די ציפערען דערוויסען מיר זיך, אַז ניט ווייניגער פון 6 מיליאָן אַמעריקאַנער זיינען קראַנק יעדען טאָג אין יאָהר. ניט ווייניגער פון 2 ביליאָן 5 הונדערט און 60 מיליאָן דאָלאַר צאָהלען אָט די מענשען אויס אין דאָקטאָר, מעדיצין און האָספּיטאַל בילס.

וואו נעמען די אָרימע מאַסען צו באַצאָהלען זייערע דאָקטאָר און האָספּיטאַל בילס? וואו נעמט די טרויעריג־באַרימטע „דריטעל״ פון אונזער בירגערשאַפט, דער טייל וועלכער, לויט די לעצטע באַריכטען פון רעגירונגס־קוואַלען, פאַרדינט ניט מער ווי 480 דאָלער אַ יאָר שכירות, אויף מעדיצינישע און האָספּיטאַל אויסגאַבען בײַ דער צייט וואָס די דורכשניטליכע פאַמיליע גיט אויס אומגעפער 96 דאָלער אַ יאָר אויף דאָקטאָר און מעדיצין? אויף דעם געפינט זיך שוין.

נעמט, צום ביישפּיל, אַ דורכשניטליכע ניו יאָרקער ארבייטער פאַמיליע. אַ דרעסמאַכער פאַמיליע. ארבייט איז דאָ ווייניג. מען מאַכט קוים דעם לעבען. שולדיג איז מען. אַ מאָנאַט אָדער 2 דירה געלט. אַ ביסעל דעם גראָסער, אַ ביסעל דעם בוטשער, אַ ביסעל דעם דענטיסט, און נאָך און נאָך. אַלץ צו ביסלאַך, ווייל דער קרעדיט איז ניט צו גוט. פּאַסירט אַן אומגליק. אַ קינד איז ערנסט קראַנק געוואָרען. עס איז אַ טרעוואָגע אין דער משפחה. טאַטע־מאַמע לויפען ארום פאַרצווייפעלט. מען מוז דאָס קינד נעמען אין האָספּיטאַל. די מאַמע וועט בשום אופן ניט לאָזען מען זאָל דאָס קינד אַוועקנעמען ערגעץ אין אַ וואָרד וואו מען ווייסט ניט און מען זעהט ניט ווער עס וועט אויף דעם קינד אָפּערירען און וואו מען קען דאָס קינד ניט זעהן פאַר עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. מען לויפט ארום ווי פאַר'סמ'טע און מען פאַר'משכנ'ט דאָס לעצטע העמד. אַ טלית, אַ חתונה־רינגעל. מען שטעלט זיך ניט אָפּ. מען לויפט צו קרובים. צו גוטע פריינד. יענע טוען דאָס זעלבע. מיט גאָט'ס הילף, מען האָט צוזאַמענגעשלעפּט די פאָר דאָלער און אפילו אויב אַלעס געהט ווי עס באַדאַרף צו זיין, ווערט די פאַמיליע פאַראָרימט און צובראָכען פאַר יאָהרען און יאָהרען. היינט, אויב דאָס אומגליק ריהרט אָן דעם ברויט־געבער. איז אודאי און אודאי שלעכט.

די לאַגע האָט זיך באַדייטענד געענדערט אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי צענדליג יאָר. פּראָגרעסיווע ארבייטער געזעצען, ווי „וואָירקמענס קאָמפּענסיישאָן״, „ווידאָו און אָרפענס פענשאָן״, ארבייטסלאָזע פאַרזיכערונג און איצינד די פעדעראלע „סאָשעל סעקיורִיטי״ געזעצען זיינען לעבעדיגע עדות אַז דער שאַרף אינדיווידועלער כאַראַקטער פון אונזער לאַנד בייט זיך. די עקאָנאָמישע אומשטענדען און אויך געוויסערמאַסען דער געזונטס־צושטאַנד פון די ברייטע מאַסען, איז אָנערקענט אַלס אַ טייל פון דער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פון שטאַט. דערפאַר קריצען אַזוי מיט די ציין די רעאַקציאָנערען פון רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטישען לאַגער און אויך די גרויסע אינדוסטריאַליסטען.

איצינד ווערט ענערגיש אָנגעפירט אַ באַוועגונג, אַז די פעדעראלע און סטייט רעגירונגען זאָלען איינפירען פאָנדען פאַר געזונט־פאַרזיכערונג, אויף דעם שטייגער פון די אַרבייטער קראַנקען־קאַסען פון דער אַמאָליגער עסטרייך און דער איצט טרויעריגער דייטשלאַנד. די פאָנדען זאָלען פינאַנסירט ווערען אויף דעם זעלבען אופן ווי עס ווערען איצינד פינאַנסירט דער סטייט ארבעטסלאָזען פאַרזיכערונגס פאָנד און אויך דער פעדעראַלער „סאָשעל סעקיוריטי פאָנד״. אויף אַזאַ אופן וועט יעדער אַמעריקאַנער ארבייטער מיט זיין פאַמיליע זיין בארעכטיגט צו קריגען פולע מעדיצינישע הילף. די שרעק, וועלכע הענגט איבער יעדע ארבייטער פאַמיליע און די גרויסע אָרימקייט וועלכע יעדע קראַנקהייט לאָזט איבער, וועלען דורך אַזאַ סיסטעם פון פאַרזיכערונגס־פאָנדען אָפּגעשאַפט ווערען.

אויסער די קאָנסערוואַטיווע אינדוסטריאַליסטען, ווערט די באַוועגונג שטאַרק באַקעמפט פון דער ביוראָקראַטישער „אַמעריקען מעדיקאַל אַסאָסיאיישאָן״ — די יוניאָן פון די הויך באַצאָלטע דאָקטוירים, וועלכע טענה'ן אַז די זאַך וועט פיהרען צו סאָציאַליזם, קאָמוניזם און וואָס ניט. די ארגומענטען זיינען פון אַלטען סאָרט. די צרה איז, וואָס די אַסאָסיאיישאָן איז זעהר איינפלוסרייך. אין פּאָליטישע קרייזען רעכענט מען זיך מיט איהר פּונקט ווי מיט דער „נעשאַנאַל אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַנופעקטשורערס״ און אויך מיט דעם „נעשאַנאַל טשיימבער אָוו קאָמערס״.

אונזער אינטערנעשאָנאַל, אַ דאַנק איהר ערפאַרונג אויף דעם געביט, דורך די קראַנקען־פאָנדען פון די לאָקאַלען און איבערהויפּט דורך דעם „יוניאָן העלטה סענטער״, וועלכער איז אָנערקענט אַלס די ערשטע, גרעסטע און בעסטע אינסטיטוציע פון דעם סאָרט איבער'ן גאַנצען לאַנד, מוז איצינד נעמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער באַוועגונג. מיר מאַכען דאָ צוויי רעקאָרניטע פאָרשלאָגען: 1) זאָל די אינטערנעשאָנאַל פאַררופען אין דער נאָהענטער צוקונפט אַ קאָנפערענץ פון אַלע ניו יאָרקער יוניאָנס וואו די גאַנצע פראַגע פון קאָלעקטיווע מעדיצינישע באַהאַנדלונג זאָל ברייט אַרומגערעדט ווערען. די קאָנפערענץ זאָל איינלאַדען פאָרשטעהער פון דער פעדעראַלער רעגירונג און פון ניו יאָרק סטייט. דאָס איז אומבאַדינגט נויטיג אום די באַוועגונג וועלכע ווערט געשטיצט פון פרעזידענט רוזוועלט, סענאַטאָר וואַגנער און אַנדערע, זאָל קריגען אַ שטאַרקען שטויס פאָרווערטס. 2) זאָל אונזער אינטערנעשאָנאַל פּראָקלאַמירען אַ געוויסען מאָנאַט — לאָמיר זאָגען, דעצעמבער אָדער יאַנואַר — אַלס אַ „נאַציאָנאַלען העלטה מאָנאַט״, מיט'ן צוועק אויפצומונטערן די מיטגלידער אָפּצוגעבען זיך אַ ביסעל דין וחשבון וועגען זייער געזונט־צושטאַנד. דורך אונזער אייגענעם יוניאָן העלטה־סענטער און דורך אונזער פּרעסע זיינען מיר אימשטאַנד אָנצופאַנגען אַ באַוועגונג וועלכע וועט מיט דער צייט האָבען אַ באַדייטענדע ווירקונג אויף דעם לעבען און וואוילזיין פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאַפט. מיר זיינען זיכער, אַז דער גאַנצער שטאַטישער „העלטה דעפּאַרטמענט״ אַפּאַראַט וועט אונז צו דיענסט קומען אין אַזאַ אונטערנעמונג.

דער שרייבער פון די שורות איז אַ מיטגליד פון אַ קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטימט געוואָרען פון דער „ניו יאָרק סטייט לעדזשיסלייטשור״ צו אונטערזוכען די גאַנצע פראַגע וועגען דעם געזונט־צושטאַנד פון פאָלק און אַריינברענגען אַ באַריכט צו דער קומענדער זיצונג פון דער זעלבער קערפּערשאַפט. די קאָמיסיע איז שוין ביי דער אַרבייט און זי וועט גערן העלפען מיט ראָט און טאַט יעדע באַוועגונג וועלכע זוכט צו קלאַריפיצירען די פיל פאַרפּלאָנטערטע און אָנגעווייטאָגטע פראַגע.

## דאַנק רעזאָלוציע.

מיר, עטליכע ארבייטסלאָזע, וואָס זיינען באַזאָרגט געוואָרען מיט סטעדי ארבייטס פּלעצער, אָדער טעג אַרבייט דורך דער עמפּלוימענט ביוראָ פון דער דרעס פּרעסערס יוניאָן לאָקאַל 60, דריקען אויס אַ האַרציגען דאַנק צו אונזער מענעדזשער, ברודער מעקס קאָהען, און דעם טשערמאַן, ברודער וואַסילעווסקי, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עקזעקוטיוו באָאַרד, פאַר זייער אינטערעס אין די ארבייטסלאָזע און די אמת ברידערליכע באַהאַנדלונג, וואָס זיי קריגען פון די אָנגעשטעלטע אין דעם עמפּלוימענט אָפיס פון דער יוניאָן, די ברידער הײַנשטיין, פעיאַן און שעכטער.

מ. ראָזען, י. סעלצער, הערי ראָזען,
הערי געלער, ז. ריכטער, מעקס ווייסמאַן,
גאָלדבערג און קאָהען.

# אַ בוך פון אַ קלאָוקמאַכער'ס טאָכטער וועגן קלאָוקמאַכער

„טומאַראָו'ס ברעד", פון ביטריס ביזנאַ (אַ טאָכטער פון אברהם ביזנאַ).

## פון פּראָפעסאָר א. דוביצקי.




ס איז דאָ ניט מיין אַבזיכט צו שרייבען אַ קריטיק איבער דעם בוך „טומאַראָו'ס ברעד" פון ביטריס ביזנאַ. איך האָב גראָד פּערזענליך ניט געקענט אברהם ביזנאַ, דעם פאָטער פון דער פאַרפאַסערין, וואָס איז די הויפּט־פיגור אין בוך. איך קען דעריבער ניט וויסען וויפיל עס איז דאָרטען דער אמת'ער, פאַקטישער ביזנאַ און וויפיל דער סטיליזירטער און איבאַליזירטער. מיר איז אויך ניט באַקאַנט גענוג די צייט אין וועלכער ביזנאַ האָט געווירקט אַלס בויער פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג און טרעיד־יוניאָן פירער. מיר איז זי בלויז באַקאַנט פון לייענען אָבער ניט פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען. מיר האָט דער בוך פון ביטריס ביזנאַ פאַראינטערעסירט הויפּטזאַכליך צוליב דעם, וואָס ער איז, אויף ווי ווייט איך ווייס דער ערשטער פּרוּוו אין דער ענגלישער שפּראַך צו באַקענען די קלאָוקמאַכער און זייער קאַמף זיך צו אָרגאַניזירען און צו פאַרבעסערען זייער לעבען אַלס אַ טעמאַ פאַר אַ בעלעטריסטיש ווערק, פאַר אַ נאָוועלע, אָדער ראָמאַן, ווי מיר זיינען עס איינגעוואוינט צו רופען. עס איז דערביי ווערט צו באַמערקען, אַז דאָס בוך האָט געוואונען אַ פּרייז פון 25 הונדערט דאָלער פאַר זיין פאַרפאַסערין.

היסטאָרישע ראָמאַנען אָדער היסטאָרישע נאָוועלען זיינען פון גרויס אינטערעס און וויכטיגקייט פאַר יעדען סאָציאַלען פאָרשער פון פאַרגאַנגענע עפּאָכען. זיי גיבען אָפט אַ רייכען סאָציאָלאָגישען מאַטעריאַל און אַ מעגלעכקייט טיפער אַריינצודרינגען אין דעם האַרץ פון פאַרגאַנגענע געשעהענישען און אין דער אינערליכער פּסיכאָלאָגיע פון זייערע אָנטיילנעמער. באַזונדערס, ווען אַזאַ נאָוועלע טראָגט אַ ביאָגראַפישען כאַראַקטער, ווי דאָס איז דער פאַל מיט ביטריס ביזנאַ'ס „טומאָראָו'ס ברעד".

היסטאָרישע נאָוועלען קאָנען אָבער אָפט מיסרעפּרעזענטירען געשעהענישען. אָפטמאָל האָבען זיי אויסגעשפּראָכענע נייגונגען צו אידעאַליזירען געשעהענישען און פּערזאָנען. באַזונדערס ביאָגראַפישע נאָוועלען. האָבענדיג אַ פּערזענליכע באַציהונג צו זייערע העלדען קאָנען זיי אָפט זיין גענייגט אויסצוטייטשען געשעהענישען פון דעם דאָזיגען פּערזענליכען שטאַנדפּונקט.

ניט אויסלאָזענדיג פון אויג די דאָזיגע שוואַכקייט, קאָן די איבערגעראַכטעטע נאָוועלע בשום אופן ניט באַמינדערט ווערען אין איהר גרויס וויכטיגקייט.

***

אומאַכטענדיג אַ רייהע אומוויכטיגע איינצעלהייטען און עפּיזאָדען, באַוויזט די נאָוועלע אַרויסצוברינגען אומבאַשטרייטבאַרע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון אַ געוויסער פּעריאָדע אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אידיש־אַמעריקאַנער טרעיד־יוניאָניזם.

איינע פון די וויכטיגסטע כאַראַקטעריסטישע און אינטערעסאַנטסטע שטריכען אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אידיש־אַמעריקאַנער טרעיד־יוניאָניזם באַשטייט אין דעם, וואָס די דאָזיגע באַוועגונג איז אויסגעוואַקסען סטיכייאיש — אַזוי צו זאָגען פון זיך אַליין — פון דעם איינוועניגסטען דראַנג פון די מאַסען גופא — אַרויסגערופען און סטימולירט פון די שווערליכע אַרבייטס־און לעבענס־באַדינגונגען פון יענער צייט.

עס ווערט גערופען אַ מיטינג. קיינער ווייסט ניט, ווער עס האָט דעם מיטינג גערופען, צוליב וואָס און ווי אַזוי דער האָל ווערט אָבער אָנגעפּאַקט מיט שניידער, זייערע ווייבער און קינדער. פון כמעט אַ צופעליגען מיטינג וואַקסט אויס אַ סטרייק, אַ יוניאָן און אפילו אַ דעמאָנסטראַציע מיט פּאָליציי און צעקאַליעטשעטע קעפּ.

מאָיר, דער אַנאַרכיסט, האָט אין דעם אַ האַנט, ווי אַריבערגעקומענע אַנאַרכיסטען בכלל. אויך מאַרטי און אַנדערע אַריבערגעקומענע פון דער אַלטער היים.

די מאַסע, די ברייטע מאַסע דורכשניטליכע שניידער — געוועזענע שניידער דאָ אין דער נייער היים — ווייסט ניט פון טרעיד־יוניאָניזם, קלאַסענקאַמף, מאַרקס און קאַפּיטאַליזם. זייערע אָנפירער זיינען באַוואַקסען מיט בערד. זיי זיינען רעליגיעז — און דורכגעדרונגען מיט דער אידעאָלאָגיע פון דעם דורכשניטליכען קליינבירגערליכען שטעטעל. דער אַלטער [illegible]

עס איז פאַר איהם אויפצוהייבען דעם אייזערנעם פּרעס.

ער ווייסט, אַז ער באַקומט טשאַכאַטקע, ווי אויך זיין קאַזין דזשעק, פון דעם קויהלען־גאַז.

דאָס וויסען זיי אַלע, ניט וויסענדיג וועגען טרעיד־יוניאָניזם. און ניט נאָר דער דורכשניטליכער שניידער. אפילו דער קומענדיגער אַרבייטער־פיהרער סעם קאַרענסקי האָט זיך דאָס ערשטע מאָהל אין זיין לעבען אָנגעשטויסען מיט אַ נייעם וואונדערבאַרען מיסטעריעזען גלויבען.

ער איז געבליבען פאַרשטיינערט. איצט האָט ער געוואוסט צוליב וואָס דער מיטינג איז. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען האָט ער דערפיהלט, אַז מען קאָן עפּעס טאָן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען האָט ער דערפיהלט אַ מענטשליכע ברודערשאַפט, וואָס ער האָט נאָך אינגאַנצען ניט געקאַנט באַנעמען.

קיינמאָל ביז איצט האָט ער זיך ניט געפיהלט ווי אַ טייל פון אַ גרופּע. די רעדעס פון די שניידער האָבען געהאַמערט און געברענט זיין מח, ווי אַ גליהענדיג פּרעס. ער איז געזעסען צוגעוואַקסען צו זיין בענקעל.

זייערע ווערטער, און אויסדרוק פון בלוטיגע ליידען, גלייך ווי אַרויסגעוואַקסען זיינען פאַרגליווערט געוואָרען אין עפּעס ממשות'דיגעס — ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּען.

דער דאָזיגער דראַנג פון די מאַסען צו קעמפען געגען דער אכזריות'דיגער עקספּלואַטאַציע איז געוואָרען אַ געוואַלטיגער אימפּולס אין דעם פּראָצעס צו יוניאָניזירען די שניידער־אינדוסטריע. די קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט פון די מאַסען, פון דער אַנדערער זייט, איינאיינעם מיט די אַלגעמיינע באַדינגונגען אין אַמעריקע אין יענער עפּאָכע, די שוואַכע לאַגע פון דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער קלאַס בכלל, די אָפּוועזענהייט פון אַ ברייטער סאָציאַלער געזעצגעבונג, די כמעט אומבאַגרענעצטע מאַכט פון די פאַבריקאַנטען און זייער ענדלאָזע מעגליכקייט צו עקספּלואַטירען די אַרבעטער און שטערען זייער אָרגאַניזאַציע — האָבען גלייך פון אָנהויב געשאַפען געוואַלדיגע שוועריגקייטען און טאָגטעגליכע נייע, כמעט אומדערלאָזבאַרע, פּראָבלעמען פאַר אַ נייער יונגער שוואַכער יוניאָן.

שאַרפע קאַמפען צווישען דער יוניאָן און די פאַבריקאַנטען. ווידערשפּרעכענדיגע אינטערעסען צווישען פאַבריקאַנטען, אַרבעטער, קאָנטראַקטאָרס, אָרגאַניזירטע און אומאָרגאַניזירטע אַרבעטער. ערציהען די יוניאָן־מאַסען און ערציהען צוגעגרייטע טוהער און פיהרער פאַר דער יוניאָן גופא.

פּראַקטישקייט, אומפאַרמיידליכע קאָמפּראָמיסען, אום צו דערגרייכען כאָטש עפּעס — און שטרענגע פּרינציפּיעלקייט, אומקאָמפּראָמיסליכע אויסגעהאַלטענקייט, כמעט עקשנות'דיגער פאַנאַטיזם — פון דער אַנדער זייט.

דאָס זיינען אַלע יענע פּראָבלעמען, וואָס די נאָוועלע כאַפּט אַרום און אין דעם איז דער פאַרדינסט און וויכטיגקייט פון דעם בוך.

פאַרבייגייענדיג ווערען אויך באַריהרט איניגע אַנדערע וויכטיגע פּראָבלעמען.

די באַציהונג צו אַרבייט, צו פיזישער אַרבייט, צום אַרבייטס־פּראָצעס, צו דער אַרבייט פון שניידעריי און אויך די וויכטיגקייט און ראָלע פון דער שניידער־אינדוסטריע, וואָס איז ווי דורך אַ כישוף אין אַ קורצער צייט אויסגעוואַקסען אין אַמעריקע אין איינע פון די וויכטיגסטע אינדוסטריען אין לאַנד.

סעם פיהלט אַ גליקליכע צופרידענקייט אין זיין ווידערפאַראייניגונג מיט די שניידער פון דעם סוועטשאַפּ, מיט דער טריאומפירענדער נייה־מאַשין. אָט וואו ער באַלאַנגט. איינאיינעם מיט אידען און מיט דער גורל.

איינאיינעם מיט דער גורל, וואָס איז עלטער ווי די נביאים און וואָס איז געוואָרען אַ נייער אינסטרומענט אין דעם גורל פון אַ פאַרפאָלגטער ראַסע אין אַמעריקע. די נייע נייה־אינדוסטריע האָט ניט נאָר געשאַפען אַרבייטס־מעגליכקייטען פאַר הונדערטער פרי־זענטער מענשען, האָט ניט נאָר אַרויסגעבויגען די איינגעהויקערטע רוקענס פון אַ פאַרפאָלגט פאָלק, מיט אַ פּסיכאָלאָגיע פון דריקענדע געטאָ־באַדינגונגען און זיי פאַרוואַנדעלט אין אַן אַרמיי פון קעמפענדע פּראָלעטאַריער, שטאָלץ מיט דעם באַוואוסטזיין פון זייער מאַכט און זייער רעכט, דורכגעדרונגען מיט דער זעלבסטווירדע פון נוצליכע מענטשען און בירגער, אָנטיילנעמער אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקטיווער טעטיגקייט און אַקטיוו אין דעם קאַמף פאַר סאָציאַלען יושר.

די נייע נייה־אינדוסטריע האָט ניט נאָר רעוואָלוציאָניזירט די אַלטע קליידער־אינדוסטריע, נאָר האָט אין אַ געוויסען זין רעוואָלוציאָניזירט דאָס גאַנצע לאַנד, די מנהגים פון קליידען־זיך, דעם געוואַלדיגען אונטערשייד אין דעם אויסערליכען אויסזעהן צווישען רייך און אָרים, שטאָט און פאַרם.

די רעוואָלוציע אין קליידען־זיך האָט אין אַ גרויסער מאָס בייגעטראָגען דער אַזוי כאַראַקטעריסטישער אין אַ געוויסען זין דעמאָקראַטישער פּסיכאָלאָגיע פון אַמעריקאַנער פאָלק. דער אַמעריקאַנער אופן קליידען זיך איז אַזוי טיפּיש און אונטערשיידט זיך פון דעם אַרט קליידען זיך אין אַ רייהע אַנדערע לענדער.

דער אַמעריקאַנער אופן קליידען זיך אין אַ געוויסען זין רעוואָלוציאָניזירט די אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָגיע, אָפּשאַפענדיג געוויסע גרענעצען, אַ געוויסען תהום צווישען רייך און אָרים.

קליידער אין אַנדערע לענדער זיינען אַן אויסדרוק פון אָנגעהער צו אַ געוויסער קאַסטע.

ווער עס באַלאַנגט ניט צו דער העכערער פּריווילעגירטער קאַסטע וועט ניט אָנטאָן בעסערע קליידער, אפילו ווען ער קאָן זיי קויפען.

סעם קאַרענסקי'ס זיידע — דער אַלטער שניידער יאָסעל האָט צו זיבעציג יאָהר געטראָגען דעם זעלבען שוואַרצען ראָק, וואָס ער האָט אָנגעטאָן צו זיבעצעהן יאָהר אונטער דער חופּה.

***

דער ענד פון בוך איז דורכגעדרונגען מיט פּעסימיזם.

סעם איז אַנטוישט, מאַרטי איז אַנטוישט און ציניש, האָרטענס קלאַרק איז אַנטוישט און פאַרביטערט.

און דאָס איז אַ גרויס חסרון פון בוך.

סעם קאַרענסקי'ס ענד איז טאַקע זעהר טרויעריג און טראַגיש.

זיין טרויעריגער ענד איז אָבער מעהר פאַרבונדען מיט פּערזענליכע איבערלעבונגען און מאָטיווען. די אַנטוישונג, פאַרביטערקייט פון די אַנדערע העלדען איז מעגליך באַרעכטיגט פון אַ סוביעקטיוו־פּסיכאָלאָגישען שטאַנדפּונקט.

ווי אין אַ ביאָגראַפישע היסטאָרישע נאָוועלע זיינען די דאָזיגע שטריכען, אויף וויפיל זיי שפּיגלען אָפּ לעבעדיגע פאַקטען און געשעהענישען, באַרעכטיגט.

זיי שפּיגלען אָבער ניט אָפּ די געשיכטע און די אַנטוויקלונג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

די טרעיד־יוניאָן אידעאַלען, פאַר וועלכע סעם קאַרענסקי האָט אין זיין צייט געקעמפט, זיינען ביי דעם היינטיגען טאָג מעהר ווי דערגרייכט.

די יוניאָן־דערגרייכונגען שטייגען ווייט איבער אַלץ, וואָס די רייכסטע פאַנטאַזיע האָט זיך געקאָנט אויסמאָהלען אין דער צייט ווען די באַוועגונג איז נאָך געווען אין איהרע ווינדעלאַך. יעדער קאַמף איז ניט נאָר אַ קאַמף פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסען. די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע קאַמפען פון יעדער עפּאָכע באַקומען זייער אויסדרוק אין געוויסע לאָזונגען און פּראָגראַמען.

פּערזענליכע טראַגעדיעס אין דעם דאָזיגען שאַרפען קאַמף פאַר אַלגעמיינע אינטערעסען און אידעאַלען זיינען אומפאַרמיידליך.

מיט ליעבע און רעספּעקט דערמאָנען מיר יענע טראַגישע פיגורען, וואָס האָבען אָפּגעגעבען זייער לעבען און ענערגיע אין די אינטערעסען פון דער באַוועגונג.

פּערזענליכע טראַגעדיעס קאָנען אָבער ניט [illegible] סען אָביעקטיוו אָפּשאַצען די פאַרגאַנגענע [illegible] פון דער יוניאָן־באַוועגונג. דער זיג פון דער יוניאָן באַוועגונג באַרעכטיגט אונזער אָפּטימיזם און אונזער גלויבען אין דעם כח פון דעם אָרגאַניזירטען אַרבעטער קלאַס.

דעם צווייטען, צו פארבלייבען אליין אויפן פעלד. דאס איז זייער באגריף פון פרידען און איינינקייט.

און דאס איז אין די יום־טובדיקע רעדעס. אין די וואכעדיגע האנדלונגען איז עס נאך ערגער. די אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר האט זיך געווענדעט אין געריכט מיט קלאגען געגען דער לעיבאר רילעישאנס באארד און אטאקירט ביטער לואיס'ן פאר אונטערשרייבען א קלאוזד שאפ אגרימענט מיט די מיינערס אין הארלאן קאונטי, קענטאקי, אין בלוטיגען הארלאן, וואו עס איז אנגעגאנגען אמת'ע שלאכטען מיט געווער און דינאמיט, מיט טעראר און מארד געגען די ארבייטער יעדעס מאל ווען עס איז געמאכט געווארען א פארזוך זיי צו ארגאניזירען אין א יוניאן. ווען עס איז ענדליך געלונגען זיי צו ארגאניזירען, איז גרין, דער געוועזענער סעקרעטער פון דער מיינערס יוניאן וועלכער האט אליין מיטגעמאכט יענע מלחמות, אש להבה אויף לואיס'ן און דער לעיבאר באארד פאר שליסען דעם אגרימענט און ניט לאזען די אפאזיציע יוניאן וואס גרין האט געטשארטערט, די פראגרעסיוו מיינערס יוניאן, איבערנעמען די דארטיגע מיינערס געגען זייער ווילען.

די פעדערײשאן האט זיך אויך געווענדעט אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן געגען דער לעיבאר באארד, פאר ניט אנערקענען די מאלדערס יוניאן אלס די פארטרעטערין פון מאלדערס אין דער „ראבערטס ענד מענדער סטאוו קאמפאני" און דער „האטבארא פאונדרי קא." אין פענסילווייניא וועלכע ארבייטען אונטער אן אגרימענט מיט דער שטאל ארבעטער ארגאניזאציאנס קאמיטע. די קלאגע איז אויפן גרונט אז די ס.וו.א.ק. איז ניט קאמפעטענט צו פארהאנדלען פאר קוואליפיצירטע בעל מלאכות, ווייל זי איז ארגאניזירט געווארען בלויז פאר שווארצע ארבייטער (קאמאן לייבארערס).

אזוינע ביישפילען זיינען פארגעקומען דעם מאנאט א סך און די סי.אי.א. פירער זיינען ניט שולדיג געבליבען קיין ענטפער. עס זיינען אויך געווען פארזוכען, ערנסטע, צו ברײנגען פרידען און אפשטעלען דעם קאמף. פרעזידענט דובינסקי האט ווידער געמאכט א פארזוך צוזאמענצוברײנגען ביידע צדדים. א קאמיטע פון דער גענעראל עקזעקוטיוו, די וויס־פרעזידענטען אנטאניני, האכמאן און נאגלער, זיינען געפארען אין אטלאנטיק סיטי צו טרעפען זיך מיט די פירער פון דער פעדערײשאן ווען דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט דארט געהאלטען א זיצונג, און זיי זיינען נאכדעם געווען אין וואשינגטאן צו ריידען מיט לואיס'ן. אזוי ווי אבער זיי האבען קיין ערקלערונג ניט ארויסגעגעבען דארף מען פארשטיין אז עס איז זיי ניט געלונגען. אויך די קאנווענשאן פון דער טיפאגראפיקאל יוניאן אין בירמינגהעם, אלאבאמא, האט אנגענומען א רעזאלוציע איינשטימיג אויפצופאדערן ביידע צדדים צו באנייען די קאנפערענצען און פאראייניגען די טרייד יוניאן באוועגונג. דערווײלע אבער האט זיך נאך קיינער ניט אפגערופען. א רעזאלוציע פאר פרידען איז אויך איינשטימיג אנגענומען געווארען פון דער ניו יארק סטייט קאנווענשאן פון דער סי. אי. א. עס זיינען דארטען אויך געהאלטען געווארען ווארימע רעדעס פאר איינינקייט. אבער וואס קומט ארויס? אז די האנדלונג אליין פון ארגאניזירען אין דעם איצטיגען מאמענט אן אפאזיציאנס פעדערײשאן אין סטייט פארשארפט בלויז די שנאה און דעם קריג.

די לאקאלס פון אונזער אינטערנעשאנאל האבען זיך טאקע איבער דעם ניט באטייליגט אין דער קאנווענשאן און זיינען געבליבען אויסען דעם נײ־געגרינדעטען סטעיט קאונסיל. דאס איז געטאן געווארען לויט א באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד וועלכע האט מיט רעכט גענומען די שטעלונג אז ווען מען וויל פרידען, דארף מען ניט שווערער מאכען די מעגליכקייטען פאר פרידען דורך ארגאניזירען אפאזיציע־קערפערשאפטען וועלכע זאלען קאנקורירען מיט די קערפערשאפטען מיט וועמען מען וויל זיך פאראייניגען.

### שלום ? אדער וואפען־שטילשטאנד אין דער אויטאמאביל יוניאן ?

דער אינערליכער קאמף אין דער אויטאמאביל ארבייטער יוניאן צווישען די נאכפאלגער פון פרעזידענט מארטין און די מארטימער־פראנקענסטין גרופע וואס האט שיעור ניט צעבראכען די יוניאן איז פאר דעם מאמענט אפגעשטעלט געווארען. נאכדעם ווי די גענעראל עקזעקוטיוו האט פאקטיש צוריקגעוויזען לואיסעס פשרה אז די יוניאן זאל צוריק אריינגעמען די אויסגעשלאסענע פיר מעמבערס פון דער גענעראל עקזעקוטיוו און לאזען דער עקזעקוטיוו פון דער סי.אי.א. ארביטרירען אלע שוועריגקייטען וואס וועלען אנטשטיין צווישען די צוויי פראקציעס, איז עס געלונגען די צוויי פארטרעטער פון דער סי. אי. א., פרעזידענט הילמאן און פיליפ מארעי, צו באוועגען דער גענעראל עקזעקוטיוו פון דער אויטא יוניאן אנצונעמען א פשרה. לויט דעם אפמאך וואס איז געשלאסען געווארען נאך ניין טעג קאנפערענצען, וועט דער אורטייל געגען די אויסגעשלאסענע פיר באאמטע איבערגעקוקט ווערען פון די צוויי פארמיטלער פון דער סי. אי. א. און זייער אנטשיידונג וועט אויסגעפאלגט ווערען. פאר ווייטערע סכסוכים וואס קענען אנטשטיין ביז דער נעקסטער קאנווענשאן פון דער אויטא ארבייטער יוניאן וועט א קאמיטע פון פיר עס דארפען אויפנעמען און שליכטען. די פיר זיינען הילמאן און מארעי פון דער סי. אי. א. און מארטין און טאמאס פון די אויטאמאביל ארבייטער. עס ווערט אבער פארשטאנען, אז דער באשלוס פון דער קאמיטע וועט איבערגעגעבען ווערען אלס באריכט צו דער גענעראל עקזעקוטיוו פון דער אויטא יוניאן וועלכע האט דאס לעצטע ווארט אין אלע פראגען אלס די העכסטע קערפערשאפט פון אן אויטאנאמער יוניאן.

אין דעם באשלוס רעדט זיך זעהר פיל וועגען דער געטריישאפט פון דער אויטא יוניאן צו דער סי. אי. א. און וועגען דער זעלבסטשטענדיגקייט און די אומבארירלאכקייט פון איר קאנסטיטוציע וועלכע אלע מוזען אויספאלגען. דאס איז נאטירליך בלויז וואס כינעזער רופען „פעיס סייווינג". עס איז צוקער צו פארזיסען די ניט איבעריגס געשמאקע פיל...

עס איז שווער צו זאגען אויף ווי פיל דער איצטיגער אפמאך צווישען די פראקציעס איז באמת א שלום אדער בלויז א וואפען שטילשטאנד. אבער אפילו דאס לעצטע איז בעסער ווי אן אפענער קאמף וועלכער האט געשטעלט אין געפאר די יוניאן און אלע אירע געווינסען.

### סטרייקס, סעטעלמענטס און סכסוכים דעם מאנאט

צווישען די וויכטיגע סטרייקס דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט, איז דער סטרייק פון די טראק דרייווערס אין ניו יארק וועלכער האט פאראליזירט דאס איבערפירען פון סחורות אין שטאט און אומגעגענד. איבער אכט טויזענט ארבייטער זיינען פארוויקעלט געווען אין דעם סטרייק. דער סטרייק איז ניט גערופען געווארען אפיציעל פון די יוניאנס, נאר איז אויסגעבראכען ספאנטאן, אלס פראטעסט געגען די בעלי בתים און די אפיציעלע פירער פון דריי לאקאלס פון דער בראדערהוד אוו טימסטערס וועלכע האבען פארשלעפט די פארהאנדלונגען פאר א נייעם אגרימענט.

דער אגרימענט צווישען די לאקאלס 807, 816 און 282 מיט די גרעסטע טראקינג פירמעס וועלכע פירען סחורה צווישען סטעיטס און אויך געוויסע סארטען טראקינג אין שטאט, איז אויסגעגאנגען דעם 1טען סעפטעמבער. די ארבייטער האבען געפאדערט די פארקירצונג פון דער ארבייטס־וואך פון 47 שטונדען צו 40 שטונדען אן א פארקלענערונג אין די שכירות. וועגען דעם זיינען עס אנגעגאנגען די פארהאנדלונגען. די ארבייטער זיינען אבער געווארען אומגעדולדיג. פארשיידענע קלאנגען האבען זיך צווישען זיי פארשפרייט, אז מען פלאנעוועט צו פארלאזען זיך אויף ארביטריישאן, וואס עס וואלט געמיינט א קאמפראמיס. דאס צו פארהיטען זיינען זיי ארויס אין סטרייק. אלע באמיהונגען פון די יוניאן פירער צו באוועגען די סטרייקער צוריקגיין צו דער ארבייט אדער ניט לאזען דעם סטרייק זיך אויסשפרייטען איז דורכגעפאלען.

נאך א וואך סטרייק, איז עס נאך לאנגע באמיהונגען פון עקטינג מעיאר ניובאלד מאריס געלונגען צו ברײנגען א וואפען שטילשטאנד פאר פיר טעג. די סטרייקער זיינען צוריקגעגאנגען צו דער ארבייט און דורך די פיר טעג דארפען די פארהאנדלונגען פארענדיגט ווערען צו זייער צופרידענהייט. אויב ניט, וועט דאן ערקלערט ווערען א גענעראל סטרייק אין טרייד.

א סטרייק פון די ווידען וועבער אין פעטערסאן איז גערופען געווארען דעם מאנאט ווען מען האט זיך ניט געקענט אייניגען אויף פרייזען וואס די טעקסטיל ווארקערס ארגאנייזינג קאמיטע האט געפאדערט. אין געפאדערט האט די יוניאן גאר ניט פיל. עס האנדעלט זיך אום פרייזען וואס זאלען פארזיכערען די ארבייטער מיט 18 דאלאר א וואך. אבער אפילו דאס שיינט די באסעס צו זיין צופיל.

די טעקסטיל ווארקערס ארגאנייזינג קאמיטע האט דעם מאנאט באנייט צוויי און צוואנציג אגרימענטס מיט פירמעס און אונטערגעשריבען צוויי נייע אגרימענטס. די צוויי נייע אגרימענטס זיינען מיט דער „סוויפט ריווער וואולען קא." פון וועסטערלי רהאוד איילאנד, וועלכע באשעפטיגט 250 ארבייטער אויף וואלענע שטאף פאר מענער און פרויען קליידער און די קלעי סמיטה דיוויזשאן פון דער סמיטה טעקסטיל קארפארײשאן פון סטעטען איילאנד וואו עס ווערען באשעפטיגט 150 ארבייטער ביים פארבען קאטען ווארעס. אין ביידע פאלען איז איינגעשטעלט א 40 שטונדען וואך און אנדערטהאלבען מאל געצאלט פאר אווערטיים. די שכירות בלייבען די זעלבע.

אן אויסערגעוויינליכען אגרימענט האבען דעם מאנאט אונטערגעשריבען פארטרעטער פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר פאר די טימסטערס אין דער מיטעל וועסט. אויסערגעוויינליך איז דער אגרימענט סיי מיט דעם אופן ווי אזוי עס איז פארהאנדעלט און אונטערגעשריבען געווארען, סיי מיט דער צאל ארבייטער וואס ער נעמט אריין און סיי מיט די באדינגונגען וואס די יוניאן פארטרעטער האבען אנגענומען.

געוויינליך פירט זיך, אז אגרימענטס אין א טרייד שליסען די לאקאלס אדער דזשאינט קאונסילס פון דער געגענד. דער אגרימענט איז געשלאסען געווארען פון דער פעדעראציע דירעקט, אפילו ניט פון זייער אינטערנעשאנאל. דער אגרימענט איז געשלאסען געווארען מיט דריי טויזענד פינף הונדערט פירמעס צוזאמען וועלכע אפערירען אין פינף סטעיטס. אונטער דעם אגרימענט וועלען דארפען ארבייטען א מיליאן ארבייטער, פון וועלכע בלויז ארום א דריטעל זיינען מיטגלידער פון די יוניאנס. די אנדערע זיינען ניט ארגאניזירט.

ווען מען לייענט די באדינגונגען אין דעם אגרימענט ווערט קלאר פאר וואס די בעלי בתים האבען זיך אזוי צוגעאײלט און פרייוויליג אונטערגעשריבען א קלאוזד שאפ אגרימענט. די מאקסימום ארבייטס וואך איז זעכציג שטונדען. די שכירות זיינען פון 60 ביז 75 סענט א שטונדע. די מערסטע קריגען באצאלט פון מייל. און בלויז א העלפט פון דעם פרייז ווען זיי פארען מיט לידיגען.

1,500 ארבייטער פון דער לאפט קענדי פעקטארי אין לאנג איילאנד זיינען דעם מאנאט ארונטער אין סטרייק. דער סטרייק איז גערופען געווארען פון דער קענדי און קאנפעקשאנערי ארבייטער יוניאן א. פ. אוו ל. לאקאל 452. ווי עס שיינט איז דער סטרייק גערופען געווארען ניט געגען דער פירמע נאר געגען דער סי.אי.א. וועלכע האט געקלאגט דער פירמע פאר דער לעיבאר באארד און ווארט פאר אן אנטשיידונג. לויט דער ערקלערונג פון דער פירמע ווייזט אויס אז אין דעם פאל איז די פירמע דווקא צופרידען פון סטרייק.

די פילקא פאבריק פון סטארעדזש בעטעריס אין פילאדעלפיע וואו א סטרייק איז אנגעגאנגען פאר זעכציג וואכען, האט זיך דעם מאנאט צוריק ערעפענט נאכדעם ווי די פירמע איז געצוואונגען געווארען דורך דעם סטרייק צו באנייען דעם אגרימענט מיט דער עלעקטריק ראדיא ווארקערס פון דער סי. אי. א.

די נעשאנאל לייבאר רילײשאנס באארד האט באפוילען די „ארמאור פעקינג קא." פון שיקאגא, איינע פון די פיר גרעסטע פלייש פירמעס אין אמעריקע, אויפצולעזען איר קאמפאני יוניאן און צוריקנעמען צו דער ארבייט צוויי אנטזאגטע ארבייטער מיט בעק פעי. זי האט אויך געארדערט אן אפשטימונג פון די ארבייטער אין דרייסיג טעג ארום צו באשטימען ווער עס זאל זיי פארטרעטען אין קאלעקטיווע פארהאנדלונגען מיט דער פירמע. די פירמע באשעפטיגט ארום 7,000 ארבייטער אין דעם שיקאגא פלענט.

### אײזענבאן ארבייטער שטימען וועגען א גענעראל סטרייק

אלע ביז איצטיגע פארהאנדלונגען צווישען די אײזענבאן קאמפאניס און די בראדערהודס וועגען דעם פארשלאג פון די קאמפאניס צו שניידען די שכירות פון דעם מיליאן ארבייטער מיט 15 פראצענט, האט ביז איצט צו קיין רעזולטאטען ניט געפירט. די בעלי בתים זיינען געבליבען איינגעשפארט. די פארמיטלער פון דער רעגירונג האבען קיין אויסוועג ניט געפונען. די קאמפאניס האבען, לויט די פארשריפטען פון געזעץ, געגעבען די יוניאנס נאטיס אז פון דעם 1טען אקטאבער וועלען זיי שניידען די שכירות. די יוניאנס האבען געענטפערט מיט א סטרייק רעפערענדום. דעם 26טען סעפטעמבער דארף אפיציעל דערקלערט ווערען, אז די ארבייטער זיינען גרייט צו סטרייקען.

דאס מיינט נאך ניט, אז דער סטרייק קען גלייך גערופען ווערען. אדער אז די קאמפאניס קענען גלייך שניידען די שכירות. לויט דעם געזעץ, דארף איצט דער פרעזידענט באשטימען אן אונטערזוכונגס קאמיטע, וועלכע וועט אריינברענגען רעקאמענדאציעס. און ערשט ווען די רעקאמענדאציעס ווערען צוריקגעוויזען פון איינעם פון די צדדים קען עס קומען צו א סטרייק.

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



אליפארניע האט דעם מאנאט צוגעשמידט די אויפמערקזאמקייט פון די אלע וואס פאלגען נאך די אמעריקאנער טרייד־יוניאן באוועגונג און אלץ וואס האט א שייכות מיט איר. ניט אלץ וואס עס איז פארגעקומען אין דעם זוניגען סטעיט דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט איז געווען זוניק פאר די ארבייטער און זייערע יוניאנס. געווען דארט אי ליכט אי שאטען, אי גוטע אי שלעכטע פאסירונגען, אבער אלע פון זיי אינטערעסאנט און ווערט צו פארצייכענען. אלץ אזעלכע געשעענישען פון וועלכע די ארבייטער קענען פיל לערנען.

### אייניגקייט און רייסערייען אין קאליפארניער יוניאנס.

אין קיין אנדער געגענד אין אמעריקע האט מען ניט געזען אזוינע קאנטראסטען אין די באציאונגען פון די יוניאנס איינע צו די אנדערע, אין זייערע באציאונגען מיט די ארבייטס־געבער און אין דער האלטונג פון דער באפעלקערונג צו די יוניאנס, ווי מען האט עס געזען דורך דעם פארגאנגענעם מאנאט אין קאליפארניע.

אזוי, למשל, איז לעיבאר דעי, אין דער צייט וואס די פירער פון א. פ. אוו ל. און דער סי. אי. א. איבער׳ן גאנצען לאנד האבען, אנשטאט פייערען דעם ארבייטער יום טוב, געפייערט איינער אויפ׳ן צווייטען אין רעדעס און דעקלאראציעס, האבען די יוניאנס פון ביידע פראקציעס אין סאן פראנציסקא מארשירט צוזאמען אין איינער פון די איינדרוקפולסטע ארבייטער דעמאנסטראציעס. פינף שעה האבען זיך געצויגען די ארבייטער רייען איבער די יום־טובדיגע גאסען. וויניגסטענס אכציג טויזענט ארגאניזירטע ארבייטער האבען מארשירט צווישען צוויי מענשען־ווענט וואס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטען מארקעט סטריט, די הויפט־גאס, פון דער עמבארקאדערא, די האפען־גאס, וואו עס זיינען אין דער פארגאנגענהייט פארגעקומען אזוי פיל שלאכטען צווישען ארבייטער און סטרייק־ברעכער און זייערע באשיצער, ביז צום סיוויק סענטער, וואו עס איז געווען די פלאטפארמע. דער פאראד איז אנגעפירט געווארען פון סאן־פראנציסקא׳ער מעיאר ראסי. מיט אים צוזאמען איז געגאנגען דזשאהן שעלי, פרעזידענט פון לעיבאר קאונסיל פון דער א. פ. אוו ל., אין פאראויס פון די 55 טויזענט מיטגלידער פון די פעדעריישאן יוניאנס, און הערי ברידזשעס, דער וועסט קאוסט דירעקטאר פון דער סי. אי. א., מיט זיינע 25 טויזענט יוניאן לייט פון די לאנגשארמען, ווערהויזמען און אנדערע יוניאנס, האבען נאכגעפאלגט.

וואס עס האט מיטגעבראכט דערצו, אז די יוניאנס פון ביידע פראקציעס אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג זאלען פארגעסען זייערע פערזענליכע קריוודעס און ארגאניזאציאנעלע צוויסטיגקייטען און זיך פאראייניגען אין דער לעיבאר דעי דעמאנסטראציע, איז די פאראייניגונג פון די בעלי בתים א.ן אלע יוניאן שונאים אין א פארזוך צו פארניכטען די יוניאנס. די יוניאן פרעסערשע באוועגונג אין קאליפארניע האט זיך איצט א נעם געטאן צו באקעמפען די יוניאנס סיי אויפ׳ן עקאנאמישען און סיי אויפ׳ן פאליטישען געביט. דורך פעטיציעס איז דער ארגאניזאציע געלונגען ארויפצושטעלען אויפ׳ן באלאט דעם קומענדען נאוועמבער א געזעץ פראיעקט צו בינדען די יוניאנס הענט און פיס; פארבאטען סיטדאון און סימפאטי סטרייקס, באיקאטס; שטארק באגרעניצען דאס רעכט צו פיקעטען; בלויז סטרייקערס פון א פירמע זאלען מעגען פיקעטען אין צייט פון א סטרייק און נאך א גאנצע ריי באגרעניצונגען, וועלכע, ווען אנגענומען, וואלטען געמאכט סטרייקס שווער, אויב ניט אינגאנצען אוממעגליך אנצופירען. די באסעס האבען דארט ארגאניזירט פאר דעם צוועק א „קאמיטע פון 43", וועלכע זוכט צו פאראייניגען די רייכע פארמערס אין דעם געגענד און זיי אויפהעצען געגען די ארבייטער און זייערע יוניאנס. זיי פרובירען זיך באנוצען מיט דעם קאמף צווישען דער א. פ. אוו ל. און דער סי. אי. א. דורך שפיילען זיך צו דער פעדעריישאן. די יוניאנס אבער אין סאן פראנציסקא לאזען זיך ניט נארען. זיי ווייסען דעם צוועק פון די באסעס פאר דער פריינדליכקייט. דער רעזולטאט איז אז זיי לאזען זיך ניט כאפען אויף דער ווענטקע און העלפען זיך דוקא געגענזייטיג. דער לייבאר דעי פאראד איז געווען איינער פון די אויסדרוקען פון אייניגקייט פון אלע ארבייטער.

### אייניגקייט ברעכט אנגריף פון די באסעס.

דער אנגריף פון די באסעס אין סאן־פראנציסקא האט זיך ניט באגרעניצט בלויז אויף דעם פאליטישען פעלד. זיי האבען זיך אויך שטארק פארמאסטען צו באקעמפען די יוניאנס אויפ׳ן עקאנאמישען פעלד. מיר האבען שוין אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט" דערמאנט די טאקטיק פון די פאראייניגטע ווערהויז באסעס, וועלכע האבען ארומגעפירט א וואגאן סחורה אנגעלאדען פון סטרייק־ברעכער, פון איין ווערהויז צו דער צווייטער, און ווען די יוניאן לייט האבען זיך ענטזאגט אויסצולאדען דעם וואגאן, האט מען געשלאסען די ווערהויז און אויסגעשלאסען די ארבייטער. דורך דעם לעצטען מאנאט האט די צאל אויסגעשלאסענע פון דער ארבייט דורך דעם סקים דערגרייכט די צאל פון דריי טויזענט מיטגלידער פון די ווערהויז ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א. זיי האבען אויך געסטראשעט אויסצושליסען 4,000 לאנגשארמען, וואס באלאנגען מיט זיי צו דער זעלביגער אינטערנעשאנעל יוניאן. דער רעכענונג פון די באסעס איז געווען, אז זיי וועלען קענען אויסנוצען דעם אינערליכען קאמף אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג און קריגען די הילף פון די מאטראזען יוניאן אונטער לונדבערג׳ס פירערשאפט, וועלכע האט זיך אפגעריסען פון דער סי. אי. א. און די טימסטערס, וועלכע האבען זייערע קריוודעס געגען ברידזשעס, צו העלפען זיי פארניכטען די לאנגשארמען און ווערהויז מענס יוניאן.

צום גליק פאר די ארבייטער און די יוניאנס, האבען די באסעס אפגעביסען א גרעסערען שטיק ווי זיי האבען געקענט אראפשלינגען. דורך דער צייט וואס זיי האבען ביסלאכווייז אויסגעשלאסען די ווערהויזמען און צוגעגרייט דעם אנגריף אויף די לאנגשארמען, איז אויסגעגאנגען דער אגרימענט פון די ריטעיל קלוירקס מיט די דעפארטמענט סטאר אייגענטימער און די באסעס האבען זיך אנטזאגט צו פארהאנדלען אפילו וועגען באנייען דעם אגרימענט. זיי האבען אויסגעהאנגען מעלדונגען אין די סטארס אז זיי פירען איין אפען שאפ. דאס האט געבראכט צו א סטרייק פון 8000 קלוירקס אין 27 פון די גרעסטע דעפארטמענט סטארס אין שטאט און געסטראשעט צו פארשפרייטען זיך אויף די דראג און שיך סטארס, וועמעס מיטגלידער, כאטש זיי האבען א באזונדער אגרימענט, האבען זיך אנטזאגט דורכצוגיין די פיקעט ליינס און האבען זיך אנגעשלאסען אין סטרייק. די קלוירקס זיינען אנגעשלאסען אין דער א. פ. אוו ל., און דער אנגריף אויף זיי האט געעפענט די אויגען אפילו פון די פארביסענסטע שונאים פון דער סי. אי. א. צווישען די פעדעריישאן פירער צו זען וואס די ארגאניזירטע באסעס זיינען אויסען. דער רעזולטאט איז געווען, אז די פעדעריישאן יוניאנס, אנשטאט העלפען באקעמפען די סי. אי. א. לאנגשארמען, ווי די באסעס האבען געהאפט, האבען זיי גאר געוויזען א גאנץ שארפע נייגונג צו העלפען זיי. די באסעס האבען איינגעזען אז דער שפיל איז פארלארען און זיי האבען באנייט דעם אגרימענט מיט די לאנגשארמען. עס האלט אויך איצט ביי א סעטלמענט מיט די ווערהויז לייטע און עס גייען אן קאנפערענצען מיט די דעפארטמענט סטאר אייגענטימער מיט גוטע אויסזיכטען אויף א סעטלמענט. מעיאר ראסי און פערזענליכע פארטרעטער פון פרעזידענט גרין, פון דער פעדעריישאן, האבען צוזאמענגעבראכט ביידע צדדים.

### נידערלאגע פאר די יוניאנס אין לאס אנדזשעלעס.

אין לאס אנדזשעלעס זיינען די רייסערייען צווישען די יוניאנס פיל שטארקער ווי אין סאן־פראנציסקא. האבען סאקע די יוניאנס דארטען געליטען א שטארקע נידערלאגע. די רייסערייען דארטען זיינען ניט נאר צווישען די א. פ. אוו ל. און די סי. אי. א. יוניאנס, נאר אויך צווישען די סי. אי. א יוניאנס אליין הערשט דארט א גאנץ היבשער ריס. א צאל יוניאנס, איינשליסענדיג אלע לאקאלס פון אונזער אינטערנעשאנעל, אלע לאקאלס פון די ראבער ארבייטער און די איבערוועגענדע מערהייט פון די מעמבערס פון דער אוטאמאביל ארבייטער יוניאן, האבען זיך צוריקגעצויגען פון דעם אינדאסטריעל יוניאן קאונסיל און א טייל פון זיי האבען זיך אויך אנטזאגט צו שיקען דעלעגאטען אדער זיך באטייליגען אין דער קאנפערענץ צו ארגאניזירען די סי. אי. א סטעיט פעדעריישאן. די פון זיי וואס האבען זיך יע באטייליגט אין דער סטעיט קאנווענשאן, האבען עס געטאן דורך א באפעל פון זייערע אינטערנעשאנעלס. דער קאמף אינערהאלב דער סי. אי. א. דארטען איז א רעזולטאט פון דעם פראטעסט געגען הערי ברידזשעס און די פארטייהערשאפט וואס ער האט דארט איינגעפירט און וועלכע האט געפירט דערצו אז גאנצע יוניאנס, ווי די מאטראזען, געהילץ ארבייטער און אפיס ארבייטער זאלען פארלאזען די סי. אי. א און אריבער צו דער פעדעריישאן.

וואס אבער עס זאלען ניט זיין די אורזאכען, דער פאקט פון דער ניט־אייניגקייט פון די ארבייטער און זייערע יוניאנס האט זיכער פיל מיטגעהאלפען אז עס זאל דארט דורכגיין א שטאט־געזעץ ענליך צו דעם וואס די באסעס זוכען דארט דורכצופירען פאר׳ן גאנצען סטעיט, א געזעץ, וואס בינדט די יוניאנס הענט און פיס און מאכט זייער שווער פאר ארבייטער צו סטרייקען אדער אנפירען אנדערע יוניאן טעטיגקייטען. דער ווייטאג איז נאך גרעסער דערמיט וואס דער געזעץ איז ניט דורכגעפירט געווארען פון די ערוויילטע פארטרעטער, ווי דאס פאסירט אפט, און אויף וועמען די יוניאנס האבען ניט קיין איינפלוס, נאר עס איז אנגענומען געווארען דורך אן אפשטימונג פון די בירגער. אין קאליפארניע האבען די בירגער דאס רעכט פון איניציאטיווע. דאס הייסט, פארשלאגען אליין געזעצען דורך א פעטיציע און זיי אננעמען דורך א מאיאריטעט אפשטימונג אין אן עלעקשאן. אט דער איינפיר פון איניציאטיווע און רעפערענדום איז אלע מאל באצייכענט געווארען אלס די העכסט דעמאקראטישע פארמע. און דוקא דורך דעם איינפיר האט מען אין לאס אנדזשעלעס אנגעטאן א פענטע אויף די ארבייטער יוניאנס.

### פירערשאפט פון ביידע צדדים לידער פארביסען.

די ביישפילען וואס מיר האבען געבראכט פון סאן פראנציסקא און לאס אנדזשעלעס זיינען דוכט זיך גענוג נויטיג צום איבערצייגען ארבייטער, און איבערהויפט יוניאן פירער מיט יארען ערפארונג, אז אייניגקייט אין די ארבייטער רייען איז לעבענס נויטיג פאר די ארבייטער און זייערע ארגאניזאציעס. לידער אבער ווייזען אלע סמנים, אז די העכערע פירער פון ביידע צדדים זיינען בלינד און טויב פאר לאגיק און פאקטען. אנשטאט אונטערנעמען א שריט אויף ברייגען פרידען, טוען זיי אלץ וואס זיי קענען צו פארשארפען דעם קריג און מאכען אייניגקייט אוממעגליך.

גענוג איבערצולייענען די רעדעס לעיבאר־דעי פון די צוויי הויפט פירער פון די צוויי קריגערישע גרופען אין דער טרייד יוניאן באוועגונג, צו זען די טראגי־קאמעדיע פון דער שפאלטונג און קריג וואס פאראליזירט די ארבייטער באוועגונג. סיי לואיס און סיי גרין נעמען זיך דעם קרעדיט פאר די דערגרייכונגען לעצטעס יאר פאר די ארבייטער אויפן עקאנאמישן און געזעצגעבערישען געביט. ביידע ווייזען אן אויף די ארבייטס־לאזע אינשורענס און עלטער פענסיע, דעם וואגנער עקט און די פעיר לעיבאר סטענדערדס געזעץ. יעדער ווייזט אן אויף דעם וואוקס אין מיטגלידער און פרעסטיזש וואס זיין גרופע האט געהאט. נאך מער, ביידע דריקען אויס כמעט די זעלביגע צילען און אויפגאבען פון דער טרייד יוניאן באוועגונג. און דאך . . . גיסט אויס גרין די תוכחה אויף דער סי. אי. א. און פארענדיגט מיט דעם וואונש: „לאמיר באשליסען אויסצושמידען א נייע אייניגקייט און אוועקשארען אן א זייט אלע צעשטערער . . ." און לואיס באשולדיקט די פעדעריישאן אין יעדען פארברעכען וואס מען קען נאר געפינען און פארענדיגט זיין רעדע מיט דער פארזיכערונג אז . . . „די אינדוסטריעלע שפיאנען וועלען פארשווינדען. די מאשין־ביקסען און באמבעס וועלען דערקלערט ווערען אויסער געזעץ. די יוניאן ברעכער וועלען פארטריבען ווערען פון די פארוואלטונגען" . . . דער העכסטער וואונש פון יעדען פון זיי איז אלזא צו פארניכטען און פארטרייבען

וואָס זיך געפינען אין אַ לאַגע פון אומגעוויסהייט. די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם צוזאַמענקונפט איז געווען ווי שוין געזאָגט צו באַריכטען וועגען דער טעטיגקייט און דערגרייכונגען פון דעם אימפּאַרשעל טשערמאַנ׳ס אָפיס דורך דער צייט וואָס דער אַגרימענט איז אין קראַפט. די צאָל צווייסטיגקייטען וואָס זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען, זייער כאַראַקטער און ווי אַזוי זיי זיינען געשליכטעט געוואָרען. דער באַריכט איז זעהר אינטערעסאַנט, אָבער עס איז אוממעגליך צו געבען איינצעלהייטען וועגען דעם אין בלויז אַן איבערזיכט.

כאָטש קיינער פון די צדדים האָט דערוויילע, ווי געזאָגט ניט געמאַכט קיין אָפיציעלע ערקלערונגען וועגען זייער שטעלונג צום פאָרשלאַג פון אימפּאַרשעל טשערמאַן און וועגען די פּראָבלעמען וואָס זיי האָבען בדעה פאָרצוברייינגען ביי די פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ נייעם אַגרימענט, ווען אַזוינע קאָנפערענצען וועלען פאָרקומען, איז דאָך פון סטעיטמענטס וואָס מאַנכע אַסאָסיאיישאַן פאָרטרעטער האָבען געמאַכט פאַר דער עפענטליכקייט קענטיג, אַז איינע פון די אישוס וואָס וועלען זיך אויפצוהויבען ביי די קומענדע קאָנפערענצען, איז די פראַגע פון די אויס און טאָן שעפּער, וואו, זיי באַהויפּטען די אַרבייטס־באַדינגונגען ווערען ניט ווי געהעריג קאָנטראָלירט און דרעסעס ווערען דאָרט דעריבער אויפגעמאַכט ביליגער ווי אין די ניו יאָרקער שעפּער.

אין אַ מעמאָראַנדום וואָס מאָרטימער לענזיט, עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער נעשאַנאַל דרעס מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאַן האָט אַרויסגעשיקט צו די אָנגעשלאָסענע פירמעס און געשיקט קאָפּיעס צו ריעל עסטעיט פירמעס, ביזנעסלייט און שטאָטישע כלל טוער ערקלערט ער, אַז די דרעס אינדוסטרי אין ניו יאָרק לײַדט שטאַרק פון דער קאָנקורענץ פון אויס און טאָן שעפּער, וועלכע ער באַהויפּטעט אַרבייטען אונטער נידעריגערע סטענדערדס. כאָטש דער גאַנצער מעמאָראַנדום איז געשריבען אין אַ יוניאָן פריינדליכען טאָן, נעמט זיך אָבער מר. לענזיט דאָס רעכט צו קריטיקירען אינערליכע טרייד יוניאָן פראַגען און פּראָבלעמען, און זשאַלעוועט ניט קיין שוואַרצע פאַרב צו מאָהלען די לאַגע אין די אויס און טאָן דרעס שעפּער און שטאַרק איבערטרייבען די וויכטיגקייט פון זייער קאָנקורענץ.

וויס־פּרעזידענט האָכמאַן, דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דזשאָינט באָאָרד האָט אויף דער אָנפראַגע פון צייטונגס־רעפּאָרטערס גלייך געענטפערט, אַז ערשטענס איז דאָס בילד וואָס מר. לענזיט האָט געמאָהלען שטאַרק איבערטריבען און צווייטענס זיינען פראַגען פון יוניאָן קאָנטראָל איבער די אַרבייטס־באַדינגונגען אין די אויס און טאָן שעפּער אַן אינערליכע יוניאָן אָנגעלעגענהייט, וואָס בלויז די יוניאָן אַליין קען וועגען דעם האַנדלען. אַסאָסיאיישאַנס פון בעלי בתים און זייערע פאָרטרעטער דאַרפען זיך אין אַזוינע פראַגען ניט מישען.

אין זיין מעמאָראַנדום זאָגט מר. לענזיט צווישען אַנדערעס:

„איז עס ניט די פליכט פון דער יוניאָן צו טאָן עפּעס וועגען דעם זיך אַלץ פאַרשפּרייטענדען און אומגעשטערטען וואוקס פון דער פּראָדוקציע פון דרעסעס אונטער נידעריגע אַרבייטס־באַדינגונגען אין די שעפּער אויס און טאָן? מען מוז צוגעבען, אַז די אינטערנעשאָנאַל און די דרעס דזשאָינט באָאָרד מאַכען העראָאישע אָנשטרענגונגען צו יוניאָניזירען די דרעס שעפּער אויסער ניו יאָרק. זייערע אָנשטרענגונגען האָבען אָבער ביז איצט לײַדער בלויז געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל אַרויפגעלייגט ווערען אַ יוניאָן שטעמפּעל אויף די ביליגע אַרבייט אונטער סטענדערדס נידעריגערע ווי די וואָס עס הערשען אין דעם ניו יאָרקער דרעס מאַרקעט, שאַפענדיג אַזוי אַרום אַ געפאַהר פאַר דער אָרגאַניזירטער דרעס אינדוסטרי אין ניו יאָרק וועלכע קען איהר סוף כל סוף פאַרניכטען.״

מר. לענזיט לאָזט זיך דאַן אַריין אין איינצעלהייטען וועגען דער אַרבייטס־סיסטעם און פאַרדינסטען אין די אויס און טאָן שעפּער; וועגען דעם וואָס זיי ווערען קאָנטראָלירט פון אַ באַזונדער דעפּאַרטמענט און ניט פון דער ניו יאָרקער דרעס דזשאָינט באָאָרד און פאַרשידענע אַנדערע יוניאָן־אָרגאַניזאַציאָנס פּראָבלעמען, וועלכע ער קריטיקירט. פון זיין גאַנצען מעמאָראַנדום איז קענטיג, אַז די אַסאָסיאיישאַן זוכט אויפצוהויבען די פראַגע אַלס אישו ביי די קומענדע קאָנפערענצען און זוכט באַווייזענס צו שאַפען אַ גינסטיגע עפענטליכע מיינונג פאַר זיין צד.

וויס־פּרעזידענט האָכמאַן האָט אויף דעם געענטפערט, אַז ערשטענס טרייבט מר. לענזיט שטאַרק איבער די קאָנקורענץ פון ביליגער פּראָדוקציע אויס און טאָן, און וואָס אַנבאַלאַנגט די פראַגע פון יוניאָן קאָנטראָל אין די אויס און טאָן שעפּער, איז עס אַן אינערליכע פראַגע וואָס די יוניאָן אַליין וועט לעזען. האָכמאַן האָט געזאָגט:

„איך גיב צו, אַז עס זיינען פאַראַן מאַנכע ספּעציעלע שוועריגקייטען אין פאַרבינדונג מיט דער אויס און טאָן פּראָבלעם. דאָס אָבער וועט דאַרפען געלעזט ווערען פון דער יוניאָן אַליין. מען מוז געדענקען, אַז די פראַגע איז ניט אַזאַ איינפאַכע ווי מר. לענזיט פּראָבירט עס פאָרשטעלען. עס זיינען אין דעם פאַרוויקעלט פילע פאַקטאָרען, וועלכע מר. לענזיט פאַרפעלט אין גאַנצען צו דערמאָנען. אין דער געהעריגער צייט און פּלאַץ וועלען מיר די פראַגען דיסקוטירען.״

## ניט־גודס יוניאָן פאַרשטאַרקט אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט

די ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 155, האָט זיך איצט גענומען פאַרשטאַרקען איהר קאַמף געגען די פאַרבליבענע אָפען שעפּער אין טרייד, נאָכדעם ווי די אַגרימענטס מיט די אַסאָסיאיישאַנס איז אונטערגעשריבען געוואָרען און די אַרבייטער זיינען צוריק אין די שעפּער.

דורך די אונטערגעשריבענע אַגרימענטס האָבען די אַרבייטער אויפגעהאַלטען זייערע באַדינגונגען, שטונדען און שכירות פון די פריהערדיגע אַגרימענטס און אַלס צוגאָב, האָבען די ניטעד אונדערוועער אַרבייטער געקראָגען דעם פּונקט, אַז דער באָס מוז זיי באַצאָהלען פאַר אַ האַלבען טאָג אַרבייט, ווען זיי ווערען גערופען אין שאַפּ, אַפילו ווען זיי האָבען ניט וואָס צו טאָן; די פּאַסמענטערי אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג אויף די שכירות. פאַר אַ פולען טאָג געצאָהלט ווען זיי קומען אַריין אין שאַפּ און איין וואָך וואַקיישאַן אַ יאָהר מיט געצאָהלט און די טעקסטיל אַרבייטער האָבען געקראָגען העכערע שכירות און אַ וואָך וואַקיישאַן.

אין סטרייק זיינען נאָך פאַרבליבען עטליכע און צוואַנציג יוניאָן שעפּער וואָס האָבען ניט אונטערגעשריבען דעם נייעם אַגרימענט און אַרום אַ טוצען אָפען שעפּער. די יוניאָן איז אַנטשלאָסען אָנצופיהרען די סטרייקס געגען די פירמעס ביז זיי וועלען סעטלען אָדער זיך זוכען אַ „בעסערען״ געשעפט...

דער אָרגאַניזאַציאָנס דעפּאַרטמענט פון דער יוניאָן האָט צו זיין קרעדיט די פאָלגענדע נייע שעפּער וואָס זיינען יוניאָניזירט געוואָרען דורך די לעצטע פאָר וואָכען: „טעקסטיל ספּעשעלטי״, „בליו דזשעי״, „דריי דאָק״, „גאָלדהאַב״, „אָריענט״, „לופּ־ניט״, „מיטשלין און קאָ.״, „פּיראַמיד מאַנופאַקטשורינג קאָ.״, „פּראָדזשעקט״, „באַנד ספּאָרטסוועיר״. און „האָני ניט״.

## די „קאָנסאָלידייטעד״ פּראָבירט זיך ווידער.

די „קאָנסאָלידייטעד טרימינג קאָמפּאַני״, וועלכע האָט נעבעך אומזיסט זיך געמאַטערט אַרויסצוקריגען אַ סטעיט טשאַרטער פאַר איהר קאָמפּאַני יוניאָן און האָט עס ניט געקענט באַווייזען, פּראָבירט זיך איצט נאָכאַמאָל צו כשר׳ן איהר קאָמפּאַני יוניאָן. די קאָנסאָלידייטעד האָט זיך געווענדעט צו דער לייבאָר רילעישאַנס באָאָרד מיט דער פאָדערונג פאַר אַן אָפּשטימונג, אויב די אַרבייטער ווילען זיי אַלס איינציגע פאָרטרעטער פאַר די אַרבייטער פאַר קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען. לואיס נעלסאָן, מענעדזשער פון דער ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן האָט אָנגעוויזען, אַז די פאָרטרעטער זיינען די זעלבע וואָס האָבען געזוכט צו קריגען אַ סטעיט טשאַרטער און מען האָט זיי אַנטזאָגט צוליב דעם וואָס זיי זיינען בלויז אַ גולם פון די באָסעס.

## בילדונגס טעטיגקייט.

די עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון לאָקאַל האָט אויסגעאַרבייט אַ רייכע בילדונגס פּראָגראַם פאַר׳ן קומענדען סעזאָן, איינשליסענדיג יעדען סאָרט קולטור און פאַרוויילונג טעטיגקייטען. קלאַסען אין פאַרשידענע געגענשטאַנדען וועלען געגעבען ווערען סיי אין ברוקלין און סיי אין ניו יאָרק.

## אין קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט

עלייעס רייזבערג, דירעקטאָר פון קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט שרייבט:

מיט דעם אָנקומען פון אַ ביסעל מעהר אַרבייט אין די שעפּער, איז דער דעפּאַרטמענט אין אַ לאַגע צו באַנייען די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, וועלכע עס איז געווען ניט ראַטזאַם אָנצופיהרען דורך דער צייט פון אַרבייטסלאָזיגקייט. דורך דער צייט האָבען מיר זיך געמוזט באַנוגענען מיט אָנהאַלטען אונזערע פּאָזיציעס און באַדינגונגען. איצט קענען מיר פאַרשטאַרקען אונזער טעטיגקייט און אַריבערגעהן פון אַ פאַרטיידיגונגס־קאַמף צום אָנגריף אויף נייע פּאָזיציעס.

די האַנדלונג פון די אָפען שאַפּ באָסעס דורך דער צייט פון סלעק האָט אונז אויך פיל געהאָלפען אין אונזער ווייטערדיגער אַרבייט. די אַרבייטער אין שעפּער זעהען שוין איצט ווי וויכטיג עס איז פאַר אַרבייטער צו זיין אָרגאַניזירט אום צו קריגען בעסערע באַדינגונגען אין צייטען ווען עס איז דאָ אַרבייט און צו פאַרטיידיגען זיך אין שלעכטע צייטען. פאַרגלייכענדיג די באַהאַנדלונג וואָס זיי האָבען געקראָגען פון די בעלי בתים אין דער צייט פון סלעק מיט דער באַהאַנדלונג פון די אַרבייטער אין די יוניאָן שעפּער, זעהען זיי אין דעם אונטערשייד און רייסען זיך איצט צום אָרגאַניזירען.

## הערריסבורג דרעס שאַפּ עפענט זיך אונטער׳ן דרוק פון דער יוניאָן.

די סלענדער דרעס קאָ. פון הערריסבורג, פּענסילווייניע, אַ שאַפּ וואָס באַלאַנגט צו איינע פון די גרעסטע דזשאָבערס אין טרייד, „קאַפּלאַן און עלייעס״ איז געצוואונגען געוואָרען זיך צוריק עפענען נאָכדעם ווי עס איז געווען פאַרמאַכט 14 וואָכען אין אַ פּרואוו פון באָס צו צווינגען די אַרבייטער אַרונטערצולאָזען פון די ווידזשעס.

די דרעס דזשאָינט באָאָרד און דער אויס און טאָן דעפּאַרטמענט האָט די קעיס צוויי מאָל פאָרגעבראַכט פאַר׳ן אימפּאַרשעל טשערמאַן און געקראָגען פון איהם אַן אַנטשיידונג, אַז די פירמע ברעכט דעם אַגרימענט דערמיט וואָס זי גיט ניט קיין אַרבייט אין דעם שאַפּ. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען ביז געהילפס־מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאָרד מעקס מאָנטקאָוויץ און עלייעס רייזבערג האָבען געוואָרענט דער פירמע, אַז די יוניאָן איז גרייט אָנצוּווענדען שטרענגע מיטלען צו צווינגען איהם נאָכצוקומען זיינע פאַרפליכטונגען. די פירמע האָט דאַן צוגעשטימט צוריק עפענען דעם שאַפּ, ניט שנײַדען קיין ווידזשעס און אויספאָלגען די אַנטשיידונג פון אימפּאַרשעל טשערמאַן צו טיילען די אַרבייט גלייך צווישען אַלע אַרבייטער. 150 אַרבייטער ווערען באַשעפטיגט אין דעם שאַפּ און וועלען איצט צוריקגעהן צו דער אַרבייט.

## ניו ענגלאַנד רעין־וועאַר אַסאָסיאיישאַן שרייבט אונטער אַגרימענט.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיט דער ניו ענגלאַנד רעין וועיר אַסאָסיאיישאַן צו וועלכער עס באַלאַנגען די גרעסטע מאַנופאַקטשורערס פון רעין קאָוטס אין באָסטאָן און אומגעגענט, איז עס דער יוניאָן געלונגען אונטערצושרייבען אַן אַגרימענט מיט איהר מיט באַדייטענדע פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבייטער.

דורך דעם אונטערגעשריבענעם אַגרימענט האָבען די אַרבייטער געקראָגען אַ העכערונג אויף די פּרייזען פאַר דער אַרבייט פון פינף ביז צעהן פּראָצענט און עס איז פאַרשטאַרקט געוואָרען דער יוניאָן קאָנטראָל אין טרייד. די מאַנופאַקטשורערס מוזען איצט רעדזשיסטרירען זייערע קאָנטראַקטאָרס און אויב איינער גיט אַרויס אַרבייט צו אַ ניט־יוניאָן קאָנטראַקטאָר, דאַרף ער באַצאָהלען די אַרבייטער פון זיין שאַפּ פאַר דעם פאַרלוסט, וואָס זיי האָבען דורך דעם געליטען. אויסערדעם דאַרף דער אימפּאַרשעל טשערמאַן אַרויפלייגען אַ געלט־שטראַף אויף דער פירמע פאַר איבערטרעטען דעם אַגרימענט.

די העכערונג אויף די פּרייזען דאַרפען די בעלי בתים צאָהלען זייערע אַרבייטער פאַר די גאַנצע אַרבייט וואָס זיי האָבען אויפגעמאַכט זינט דעם ערשטען סעפּטעמבער. די פראַגע פון אַרבייט־שטונדען איז צוגעשטימט געוואָרען פון ביידע צדדים צו פאַרהאַנדלען וועגען דעם אין גיכען ביי ספּעציעלע קאָנפערענ־

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאל



ער פאַרזוך וואָס דער „אַנדערוועאַר אינסטיטוט", די אַרגאַניזאַציע פון בעלי בתים אין דעם פרויען אונטערוועש טרייד האָבען געמאַכט, איינצושליסען די געשטריקטע אונטערוועש אין דער טעקסטיל אינדוסטרי און באַשטימען פאַר די אַרבייטער דאָרטען די זעלביגע אַרבייטס־שטונדען און מינימום שכירות ווי אין די קאָטאָן טעקסטיל טריידס, האָט נאָך אַמאָל באַוויזען ווי ווייניג די יוניאָנס קענען זיך פאַרלאָזען אויף די בעסטע אַרבייטער געזעצען און ווי זיי מוזען זיין אויף דער וואַך צו היטען, אַז די בעסטע אַרבייטער געזעצען זאָלען ניט אויסגענוצט ווערען פון בעלי־בתים צו פאַרערגערען די לאַגע פון די אַרבייטער אַנשטאָט זי צו פאַרבעסערען.

אַזוי שנעל ווי די אינטערנעשאָנאַל האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם סקים פון מאַנכע באַסעס אויסצונוצען דעם געזעץ פאַר מאַקסימום שטונדען און מינימום שכירות אויף איינשטעלען פאַר די אַרבייטער אין די ניטעד אַנדערוועיר טרייד ערגערע סטענדערדס ווי די וואָס די יוניאָן האָט אויסגעקעמפט אין די מעהרסטע שעפער, איז פרעזידענט דובינסקי אָפּגעפאָרען נאָך וואַשינגטאָן אין באַגלייטונג פון עקזעקוטיוו סעקרעטאַר אַמעי און ס. שאַר, מענעדזשער פון דער לינדזשערי יוניאָן, לאָקאַל 62, און האָבען איבערגעגעבען אַ שאַרפען פּראָטעסט צום אַדמיניסטראַטאָר עלמער פ. ענדריוס. פאַרלויפיג, ווייזט עס אויס האָט דער פּראָטעסט געווירקט און אין דער ליסט פון די טריידס וואָס ווערען אַריינגערעכענט אין קאָטאָן טעקסטילס איז די געשטריקטע אונטערוועש ניטאָ.

פאַר זיין אָפּפאָרען נאָך וואַשינגטאָן האָט פרעזידענט דובינסקי און מענעדזשער שאַר אין אַ געשפּרעך מיט ציימונגס־פאַרטרעטער ביטער אַטאַקירט אָט דעם סקים פון די באַסעס. דובינסקי האָט אָנגעוויזען, אַז אין דער צייט וואָס די וואָל־וועבעריען און האָוזשיערי, וועלכע זיינען זיכער אַ טייל פון דער טעקסטיל אינדוסטרי, זיינען ניט איינגעשלאָסען געוואָרען צוזאַמען מיט די קאָטאָן טעקסטיל דערפאַר וואָס זיי האָבען העכערע סטענדערדס, האָט מען די אונטערוועש טריידס וועלכע האָבען כמעט אין גאַנצען ניט קיין שייכות מיט טעקסטיל יאָ פּרובירט איינשליסען אין דער טעקסטיל אינדוסטרי, טראָץ די העכערע אַרבייטס־באַדינגונגען וואָס די יוניאָן האָט דאָרט אויסגעקעמפט.

„געשטריקטע אונטערוועש — האָט פּרעזידענט דובינסקי געזאָגט — באַלאַנגט אין דער קאַטעגאָריע פון קליידער פאַר וועלכע מיר האָבען איינגעשטעלט העכערע שכירות און בעסערע באַדינגונגען. איך קען ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס די ערשטע האַנדלונג אונטער דעם שטונדען שכירות געזעץ וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרען מיט'ן צוועק צו פאַרבעסערען די באַדינגונגען זאָל גאָר געמאַכט ווערען אַ פאַרזוך אַרונטערצודריקען די סטענדערדס אין די טריידס וואו זיי זיינען העכער."

סעמיועל שאַר האָט אָנגעוויזען די אורזאַכע פאַר וואָס סיי די יוניאָן און סיי די מאַנופעקטשורערס פון אונטערוועש אין די אָרגאַניזירטע געגענדען זיינען געגען דעם פאַרזוך פון מאַנכע טשיזלערס איינצושליסען די געשטריקטע אונטערוועש אונטער דעם זעלבען קאָוד מיט די קאָטאָן טעקסטיל מילען.

„ערשטענס — האָט ער ערקלערט — פּראָדוצירען איבער 60 פּראָצענט פון די מאַנופעקטשורערס וואָס האָבען אַגרימענטס מיט דער יוניאָן ביידע סאָרטען אונטערוועש, סיי די וואָס ווערט געמאַכט פון געשטריקטע וואַרע און סיי פון געוועבטע סחורה. אַמאָל ווערען ביידע סאָרטען געמאַכט גלייכצייטיג און אַמאָל בייטען זיי די סאָרט וואָס זיי אַרבייטען פון סעזאָן צו סעזאָן. ווייטער שטעלט זיך פאָר דעם כאַאָס און צעטומלעניש וואָס דאָס וועט ברענגען ווען עס זאָלען איינגעפירט ווערען נידעריגערע סטענדערדס אין איין סאָרט אונטערוועש און אין דעם זעלביגען שאַפּ מיט די זעלבע אַרבייטער זאָל דאַרפען זיין צוויי סאָרטען אַרבייטס־באַדינגונגען.

„צווייטענס איז די געשטריקטע אונטערוועש אין דירעקטער קאָנקורענץ מיט די ביליגע סאָרטען אונטערוועש וואָס ווערען געמאַכט פון רעיאָן און אַנדערע געוועבטע וואַרעס. ווען ביי די געשטריקטע וואַרעס זאָלען זיין נידעריגערע סטענדערדס וועט עס אַרויסטרייבען פון ביזנעס די מאַנופעקטשורערס פון די ביליגע ליינס. דאָס קען דאָך זיכער ניט זיין די אַבזיכט פון דער רעגירונג.

„דריטענס, איז די באַהויפּטונג, אַז אין פילע פאַבריקען ווערען געשטריקט די וואַרעס און עס ווערט דאָרט אויך אויפגענעהט די גאַרמענטס, אַ זעהר ניט גערעכטע אורזאַכע פאַר איינשליסען אַזוינע פאַבריקען אין טעקסטיל טרייד. אין אַזוינע פאַבריקען איז די פּראָפּאָרציע פון די אַרבייטער וואָס נייהען די אונטערוועש צו די שטריקער איבער פיער צו איינס. עס איז דעריבער זיכער מער יושר'דיג, אַז דער איין שטריקער זאָל קריגען די העכערע סטענדערדס פון דעם גאַרמענט טרייד אידער די פיער קליידער אַרבייטער זאָלען דאַרפען אַרבייטען אויף די ערגערע באַדינגונגען פון טעקסטיל טרייד."

די אַרגאַניזירטע מאַנופעקטשורערס שטיצען די שטעלונג פון דער יוניאָן אין דער פראַגע און דער פּרעזידענט פון זייער אַסאָסיעישאָן מיטשעל שניידער האָט אויך אַוועקגעשיקט אַ פּראָטעסט טעלעגראַמע צו אַדמיניסטראַטאָר ענדריוס געגען דעם פּלאַן איינצושליסען געשטריקטע אונטערוועש אונטער דעם טעקסטיל קאָוד.

## אין קלאָוק טרייד אין ניו יאָרק

אַ פול בילד פון דער שווערער לאַגע אין קלאָוק טרייד צוליב דעם קריזיס אין לאַנד און די אַרבייטסלאָזיגקייט און די אַרבייט פון דער יוניאָן צו קאָנטראָלירען דעם טרייד און אָנהאַלטען די יוניאָן באַדינגונגען אין די שעפּער, האָט דעם מאָנטאָג געגעבען דזשענעראַל־מענעדזשער איזידאָר נאַגלער פון דער קלאָוק דזשאָינט באָאַרד, ביי אַ דזשאָינט מיטינג פון אַלע עקזעקוטיוו באָאַרדס פון די קלאָוק לאָקאַלס.

מיט פאַקטען און ציפערען האָט נאַגלער אָנגעוויזען אויף דעם פּראָגרעס וואָס די דזשאָינט באָאַרד האָט געמאַכט דורך די לעצטע פאַר יאָהר טראָץ דעם קריזיס פון וועלכען די נאָדעל טריידס, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע אינדוסטריען אין לאַנד האָבען שווער געליטען. ער האָט אָנגעוויזען אויף די טעטיגקייטען פון די קלאָוק דזשאָינט באָאַרד און לאָקאַלס צו העלפען מיט אַלע מעגליכקייטען די אַרבייטסלאָזע דורך דירעקטע שטיצע פון די לאָקאַלס, דורך זוכען צו באַזעצען אַרבייטסלאָזע אויף פּלעצער וואו נאָר דאָס איז מעגליך און אויף אַלע אַנדערע אופנים. ער האָט אָנגעוויזען, אַז בלויז די דריי לאָקאַלס, 9 ,117 און 85 האָבען אויסגעגעבען הונדערטער טויזענטער דאָלאַר דורך דעם לעצטען סעזאָן אויף הילף פאַר זייערע אַרבייטסלאָזע. ער האָט אָנגעוויזען, אַז פון שטאַנדפּונקט פון יוניאָן קאָנטראָל האָט די קלאָוקמאַכער יוניאָן דערגרייכט איצט אַ פיל העכערע שטופע ווי די וואָס זי האָט געהאַט בלויז מיט אַ פאַר יאָהר צוריק.

נאַגלער האָט באַדויערט די שלעכטע סעזאָנען פון וועלכע די קלאָוק טרייד ליידט לעצטענס. ער האָט אָבער אָנגעוויזען, אַז דאָס איז אַן אַלגעמיינע צרה פון וועלכע אַלע אַרבייטער איבער'ן גאַנצען לאַנד ליידען און קיין יוניאָן איז ניט אימשטאַנד עס צו לעזען. ער האָט אַפּעלירט פאַר פאַרשטאַרקטער טעטיגקייט צו פּרובירען באַזעצען אַרבייטער אויף פּלעצער אַפילו אין שעפּער, וואו עס איז ניט ביזי אום צו העלפען די וואָס זיינען אינגאַנצען אויסער אַרבייט און אָן מיטלען צו מאַכען אַ לעבען.

נאָך אַ לעבהאַפטער דיסקוסיע איז דער באַריכט אָנגענומען געוואָרען.

## קלאָוק סטרייק אין מעיברוק געסעטעלט.

דער קלאָוק אוט און סאוט דעפּאַרטמענט אונטער דער פאַרוואַלטונג פון וויס־פּרעזידענט דזשאָרדזש רובין, האָט דעם מאָנטאָג געסעטעלט דעם סטרייק געגען דער „קאַלווערט קאוט קאָמפּאַני" פון מעיברוק, ניו יאָרק. די פירמע האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אַסאָסיעישאָן און שטעלט איין אַלע יוניאָן באַדינגונגען.

דער קאַמף וואָס די יוניאָן האָט אָנגעפירט געגען דער פירמע ביז עס איז געלונגען צו צווינגען איהר צו סעטלען, איז געווען איינער פון די ביטערסטע וואָס די יוניאָן אָרגאַנאַיזערס האָבען ווען געהאַט. נאָך מיט אַ יאָהר צוריק האָט די יוניאָן דערקלערט אַ סטרייק געגען דער פירמע וועלכע אַרבייט פאַר אַ ניו יאָרקער דזשאַבער, „די בראַמלי קאָוט קאָ.". דער סטרייק האָט דאַמאָלט אָנגעהאַלטען דריי מאָנאַטען צייט און איז פאַרלאָרען געוואָרען. די אַרבייטער זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט אויף אָפּען שאָפּ באַדינגונגען. דער באָס האָט זיי דעמאָלט פאַרשפּראָכען צו העכערען זייערע שכירות מיט צען פּראָצענט. אָבער אַנשטאָט צו האַלטען זיין פאַרשפּרעכען האָט ער די שכירות נאָך געשניטען מיט צעהן פּראָצענט און איינגעפירט שטיק אַרבייט מיט די קלעגליכסטע פּרייזען.

דאָס האָט די אַרבייטער געבראַכט צום שכל און זיי האָבען זיך ווידער געווענדעט צו דער אינטערנעשאָנעל זי זאָל זיי אָרגאַניזירען און פאַרבעסערען זייער לאַגע. דער קלאָוק אוט און סאוט דעפּאַרטמענט האָט אַהין געשיקט דעם אָרגאַנאַיזער זאַסלאַווסקי און די אַרבייטער זיינען דעם 24טען אויגוסט אַרונטער אין סטרייק.

די שוועריגקייטען מיט וועלכע די סטרייקער האָבען זיך געמוזט ראַנגלען זיינען געווען אומגעהויערע. עס איז געווען אוממעגליך פאַר דער יוניאָן צו דינגען אַ מיטינג האָל אין מעיברוק און די סטרייקערס האָבען געמוזט אָנהאַלטען העדקוואָדערס אין אַ צווייטע שטעטעל, וואָלדען, און פאָהרען יעדעס מאָל צו און פון דער פּיקעט לאַין. דער מעיאָר פון שטעטעל, וועלכער איז אויך דער טשערמאַן פון דער באָאַרד אָוו טרייד, איז נאַטירליך געשטאַנען מיט די באָסעס און געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקענט צו ברעכען דעם סטרייק. די פירמע האָט געסטראַשעט, אַז זי וועט אַרויסמופען דעם שאָפּ און אַפילו געלאַדען די אַרבייטער צו קומען זעהן, אַז אַלץ איז שוין פאַרפּאַקט אַרויסצופיהרען. דאָס מאָל האָבען אָבער די אַרבייטער זיך ניט געלאָזט נאַרען און זיינען געשטאַנען פעסט. די פירמע האָט געמוזט סעטלען.

## ערב באַנייען דעם אַגרימענט אין ניו יאָרקער דרעס טרייד

דער איצטיגער אַגרימענט פון ניו יאָרק דרעס דזשאָינט באָאַרד מיט די אַסאָסיעישאָנס געהט אויס סוף דעם יאָהר. כאָטש ניט די יוניאָן און ניט די אַסאָסיעישאָנס האָבען נאָך פאַרלויפיג ניט גענומען שריט פאַר קאָנפערענצען צו פאַרהאַנדלען וועגען דעם נייעם אַגרימענט, האָט אָבער דאָס מאָל דער אימפּאַרשעל טשערמאַן אין דער דרעס אינדוסטרי מר. הערי יואַוועליר, גענומען די איניציאַטיווע אויפצופאָדערען ביידע צדדים גלייך אָנצופאַנגען די פאַרהאַנדלונגען. ער האָט זיך באַנוצט פאַר דעם מיט דער געלעגענהייט פון אַ לאַנטשען צוזאַמענקונפט, וואָס ער האָט פאַרופען צו באַריכטען די טעטיגקייט פון זיין אָפיס דורך די לעצטע אַכצעהן מאָנאַטען, וואָס דער איצטיגער אַגרימענט אין דרעס טרייד איז אין קראַפט. מר. איגנערסאַל האָט אָנגעוויזען, אַז עס איז ראַטזאַם פאַר ביידע צדדים גלייך צו אָנהויבען פאַרהאַנדלען כדי אַרום דער ערשטען נאָוועמבער זאָל די אינדוסטרי שוין האָבען באַשטימט די באַדינגונגען און וויסען זיכער, אַז די פּראָדוקציע אין דער דרעס אינדוסטרי וועט ניט אונטערבראָכען ווערען צוליב שטרייטיגקייטען.

דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן, באַריכטענדיג צו דער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד וועגען דעם צוזאַמענקונפט, האָט ערקלערט, אַז דער באַריכט פון אימפּאַרשעל טשערמאַן איז געוויס אינטערעסאַנט און פאַרדינט ערנסטע באַטראַכטונג. דער טשערמאַן — האָט האָכמאַן געזאָגט — האָט ניט געראַטען גלייך צו דיסקוטירען באַדינגונגען פון נייעם אַגרימענט, נאָר אַז ביידע צדדים זאָלען זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם, אום אַרויסצופירען ... לוסטען פאַר דער אינדוסטרי, וועלכע קענען קומען דורך דעם וואָס דער ניו יאָרקער דרעס ...

# גרויסע דעמאנסטראציע געגען פאשיזם ביים מאסמיטינג פאר שפאניע

די „טרייד יוניאן רעליעף פאר ספעין" האט מיטוואך, דעם 21טען סעפטעמבער, דורכגעפירט איינע פון די וואונדערבארסטע פראטעסט-פארזאמלונגען געגען פאשיזם און נאציזם וואס ניו יארק האט געהאט. דער מיטינג איז גערופען געווארען צו שאפען ווייטערע הילף פאר שפאנישע קרבנות. די צייט און די אומגעבונג האבען עס אבער געמאכט פיל מער פון דעם. עס איז פארוואנדעלט געווארען אין אן איינדרוקספולער פראטעסט דעמאנסטראציע געגען די פאשיסטישע און נאצי תלינים איבעראל.

דער טרייד-יוניאן קאמיטעט צו שאפען הילף פאר די שפאנישע קרבנות, פון וועלכער פרעזידענט דובינסקי איז טרעזשורער, סאשא זימערמאן איז טשערמאן און אלעקס ראוז איז סעקרעטער, האבען זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט וואס דריי פארשטייער פון דער איראפעאישער טרייד-יוניאן באוועגונג זיינען געווען דא אין ניו יארק, צו ארגאנזשירען די פארזאמלונג. פרעזידענט דובינסקי איז געווען טשערמאן פון מיטינג, און שוין אין זיין ערעפענונגס-רעדע האט ער געגעבען דעם טאן דער גאנצער פארזאמלונג.

„מיר אין אמעריקע", האט ער געזאגט, „זיינען טיף איבערצייגט, אז דאס העלישע פייער, וואס האט אנגעפאנגען פלאקערען מיט צוויי יאר צוריק אין שפאניע, איז אויסען צו פארניכטען דעמאקראטיע איבער דער גאנצער וועלט. די הענט פון די נאציס און פאשיסטען ווילען דערשטיקען די גאנצע וועלט. די פאשיסטען האבען שוין איינגעשלונגען עסטרייך און איצט ליגט זייער שמוציגע לאפע אויף דער דעמאקראטישער טשעכאסלאוואקיע, וועלכע פירט איצט אן א לעבען-אויף-טויט קאמף פאר אומאפהענגיגקייט.

„דאס וואס עס קומט איצט פאר אין איראפע", האט דובינסקי געזאגט, „באווייזט אונז, אז מיר קענען זיך ניט פארלאזען אויף די דיפלאמאטען און אויף די אזוי-גערופענע „דעמאקראטישע לענדער אנצוהאלטען שלום. דאס איז די אויפגאבע פון דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט אין איראפע און אין אמעריקע".

פרעזידענט דובינסקי האט דאן געשילדערט די אויפטואונגען פון דעם רעליעף קאמיטעט פאר שפאניע, פון וועלכען ער איז טרעזשורער. ער האט דערציילט, אז דער קאמיטעט האט ביז איצט געזאמעלט 200 טויזענט דאלאר. דובינסקי האט פארזיכערט די שפאנישע, פראנצויזישע און טשעכאסלאוואקישע ארבייטער-פירער, וועלכע זיינען געזעסען אויף דער בינע, אז „מיר אין אמעריקע זיינען זעליש און מאראליש פארבונדען מיט אייער קאמף און מיר האפען, אז אייך וועט געלינגען צו געבען א טויט-קלאפ דעם פאשיזם און נאציזם, וועלכע האבען געבראכט דער מענשהייט אומגליק".

די פארטרעטער פון די איראפעאישע יוניאנס, לעאן זשוא, גענעראל סעקרעטער פון דער פראנצויזישער קאנפעדעראציע פון ארבייט אין גאנזאלעס פעניא, סעקרעטער פון די שפאנישע יוניאנס און יוסטיץ מיניסטער פון דער רעפובליק, זיינען געווען די הויפט רעדנער. די אנוועזענהייט פון דר. קארל דויטש, פירער פון די סאציאליסטען אין טשעכאסלאוואקיע, אין זאל, אין דעם מאמענט ווען אלע געמיטער זיינען געווען אויפגעשטורעמט פון די נייע פארברעכענס פון די נאציס און דעם פארראט פון די איראפעאישע רעגירונגען געגען דער דעמאקראטישער רעפובליק אין איראפע, האט ווי דערגאנצט דעם בילד פון דעם בלוטיגען פאשיזם פאר די זעקס טויזענט אנוועזענדע און האט ארויסגערופען א כוואליע פון סימפאטי פאר די קרבנות און האס צו זייערע הענקער. דער זאל האט זיך געוויגט פון פראטעסט אויסגעשריייען און סימפאטי אויסרופען.

דער וועטער, פאר וועלכען די ארגאנזשירער פון מיטינג האבען פריער מורא געהאט אז עס וועט שטערען די פארזאמלונג, האט ווי צוגעשפילט צו פארשטארקען דעם איינדרוק. דעם גאנצען טאג האט געגאסען א רעגען. אין אווענט, ווען די פארזאמלונג איז געעפענט געווארען, האט דער שטורעם קאליע געמאכט די עלעקטרי און אין זאל איז א היבשע ווילע געווען שטאק פינסטער. טראץ דעם רעגען זיינען אין זאל געווען איבער זעקס טויזענט מענשען און פילע האבען געמוזט צוריקגיין אויס מאנגעל אין פלאץ. דער חושך אין זאל, די פלאטפארמע באלויכטען פון עטליכע סוירטש-לייטס, האט ווי אפגעשפיגעלט די לאגע אין דער וועלט און האט פיל פארשטארקט דעם איינדרוק. די מענשען האבען דורך די שילדערונגען פון די רעדנער זיך ווי אריבערגעטראגען אין דער איראפעאישער סביבה, און עס האט זיך געדוכט אז אט וועלען נעמען פאלען לופטבאמבעס...

אחוץ די אויבען-דערמאנטע דריי, האבען דעם מיטינג אדרעסירט דער שפאנישער אמבאסאדאר דע לאס ריאס, סענאטאר ברוקהארד, עלינאר העריק, ב. וולאדעק און ארטורא דזשיאוואניטי. אלע רעדנער האבען גערעדט אין דעם זעלבען טאן, אז פאשיסטישע אגרייסער מוזען אפגעשטעלט ווערען און עס איז דער חוב פון די ארבייטער און פרייהייטס-ליבענדע מענשען עס צו טאן.

אן אפיל פאר ביישטייערונגען, וואס עס האט געמאכט די טשערלידי פון דער דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22, מיני לוריע, האט אריינגעבראכט ארום 4 טויזענט דאלער אין ביישטייערונגען פון ארגאניזאציעס און יחידים. די גרעסטע סומע איז געווען טויזענט דאלאר פון לאקאל 22.

פיל בייגעטראגען צו דער שטימונג האט דער אינטערנעשאנעל כאר מיט זינגען ארבייטער און אינטערנעשאנעל לידער.

## שפאנישער יוסטיץ מיניסטער דאנקט קאמיטע

יוסטיץ מיניסטער פון דער שפאנישער רעפובליק, ראמאן גאנזאלעס פעניא, האט אריינגעשיקט פאלגענדען דאנק-בריוו צו פרעזידענט דובינסקי, טרעזשורער פון דער רעליעף קאמיטע פאר דער וויכטיגער הילף וואס די קאמיטע שאפט פאר די שפאנישע קרבנות:

„טייערער פריינד און גענאסע:

„עס איז פאר מיר א גרויס פארגעניגען צו באגריסען אייך, און אלע די וואס סימפאטיזירען מיט די צילען פון דער רעפובליקאנישער שפאניע, צו וועמען עס שטעהען צו גליקליכערווייזע נייע טויזענטער יעדען טאג. די ענטוזיאסטישסטע אונטערשטיצער, געפין איך אויס ביי מיין אנקומען נאך נארד אמעריקע, זיינען ביז איצט געווען און איך האף וועלען זיין, די טרייד יוניאן רעליף פאר ספעין קאמיטע, וועלכע איז דער אוואנגארד פון די ארבייטער און דעמאקראטישע ארגאניזאציעס וועלכע גיבען אונז אזא ווירקזאמע הילף.

„אויסצודריקען עפענטליך אונזער דאנקבארקייט פאר דער הילף, ווילען מיר ערקלערען אהן בארימערייען, אז מיר האבען פארדינט די הילף, באשיצענדיג מיט וואפען אין די הענט די אומאפהענגיגקייט פון אונזער לאנד און די פרייהייט פון פאלק וועלכעס ווערט געדראהט מיט פארניכטונג דורך די דיקטאטארישע מלוכ׳ות וואס זיינען באפאלען אונזער לאנד. דאס וועט זיי אבער ניט געלינגען, ווייל אלס צוגאב צום קוראזש פון שפאנישען פאלק קומט נאך צו די פאראייניגטע און ווירקזאמע הילף פון די דעמאקראטישע לענדער צווישען וועלכע מיר פארעכענען אלס די בעסטע, די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע.

„איך פארבלייב איביג אייערער פאר די צילען פון ארבייטער קלאס,

(אונטערגעשריבען) ראמאן ג. פעניא."

די טרייד יוניאן רעליף פאר ספעין קאמיטע זעצט פאר איהר ארבייט צו זאמלען און איבערשיקען הילף פאר די שפאנישע קרבנות. די קאמיטע פון וועלכער פרעזידענט דובינסקי איז טרעזשורער און טשארלס זימערמאן, מענעדזשער פון דער דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22, איז טשערמאן, אפעלירט צו אלע ארבייטער און ליבעראלע עלעמענטען, זייערע יוניאנס און ארגאניזאציעס צו העלפען מיט אלע מעגליכקייטען די קרבנות. וואס לייגער עס דויערט דער קריג אלץ גרעסער ווערט די צאהל פון די אומשולדיגע קרבנות און אלץ גרעסער די נויט. הילף איז איצט טאפעלט וויכטיג און מוז קומען שנעל און אין וואס א גרעסערער מאס.

ביישטייערונגען זאלען געשיקט ווערען צום טרייד יוניאן רעליף פאר ספעין, דוד דובינסקי, טרעזשורער.

---

דאמען וועלכע אקציעס און צו געבען הילף און שטיצע צו די ליידענדע.

6. מיר אנערקענען אז עס קען ניט זיין קיין דויערהאפטיגער פרידען אן גערעכטיגקייט צווישען אין לאנד און דעם צווישען און אין די לענדער אליין, ניט אנערקענענדיג די רעכט פון זעלבסטבאשטימונג פון פעלקער און קאלאניעס וואס זוכען זייער באפרייאונג. מיר נעמען זיך דעריבער אונטער אויף א פרידליכען אופן צו-רעכט מאכען אומגערעכטיגקייטען צווישען פעלקער, פון קאליר, גלויבען און אנשויאונגען. איינצושטעלען ספעציעלע גערעכטיגקייט אין אונזערע איינענע לענדער און פארשלאגען אז אן אינטערנאציאנאלער פארזאמלונג זאל גלייך איינגעשטעלט ווערען צו לייזען פראבלעמען צווישען לענדער אויף א פרידליכען אופן.

מ. גאלדשטיין,
לאקאל 35, לעדזשער 10298.

## דאנק רעזאלוציעס

מיר, די ארבייטער, פון גאלדען סטאר דרעס קא., פון 501 — 7טע עוועניו, ניו יארק, האבען זיך פארזאמעלט ביי א גוט באזוכטען ספעשעל מיטינג און האבען באשלאסען איינשטימיג צו באדאנקען אונזער טשערמאן פריינד סיימען דעמבלינג. אין דער זעלבער צייט פרעזענטירט א גאלדענע ריסט-וואטש אלס אן אנערקענונג פאר זיין גוטע און געטרייע און אונערמידליכע ארבייט פאר די לעצטע צוויי יאהר. און מיר ווינשען דאס ער זאל אויך אויף ווייטער אנגעהן מיט זיין גוטער ארבייט.

מיר באדאנקען אויך אונזער ביזנעס-איידזשענט פריינד הימעלפארב פאר העלפען אונז מיט ראט און טאט.

---

מיר, די ארבייטער, פון דעם סטאנדארט קלאוק שאפ, 241 וועסט 23טע סטריט, דריקען אויס אונזער אנערקענונג צו אונזער שאפ-טשערמאן, ברודער שאפירא און אונזערע ביזנעס-אגענטען: ברודער בעלסאן און ברודער זילבערמאן פאר אונערמידליכער און איבערגעגעבענער ארבייט פאר אונזער שאפ און יוניאן. און מיר דאנקען זיי פאר זייער ווארימער באציאונג צו אלע אונזערע שאפ פראבלעמען. מיר פארפליכטען זיך צו קאאפערירען אויף ווייטער מיט אונזער שאפ-טשערמאן און ביזנעס-אגענטען, און צוזאמען אויפהאלטען די באדינגונגען וועלכע אונזער יוניאן האט פאר אונז אויסגעקעמפט.

ביי דער איצטיגער געלעגענהייט פרעזענטירען מיר אונזער שאפ טשערמאן, ברודער שאפירא מיט א זעהר שיינעם „ווריסט וואטש" אלס אויסדרוק פון ברידערליכער אנערקענונג.

די שאפ קאמיטע:

סעם וויינשטיין, סעם באקסער, היימאן לעווין פון לאקאל 117;
מאריס זשענוסא, וואלף גאלדשטיין, לאק. 35;
סעם מיקאדו, לאקאל 48.

---

ערלויבט מיר אויסצודריקען דורך דער „גערעכטיגקייט" מיין דאנקבארקייט צו די אלע אפערייטארס פון די „לירי־ק קאוט און סוט שאפ", 347 וועסט 36־טע סט., פאר זייער ברידערליכע הילף וואס זיי האבען גוטגעמאכט א געוויסען טייל פון מיין פארלוסט אין דער צייט ווען איך בין געווען אומפעהיג צו דער ארבייט צוליב קראנקהייט. עס איז ווערט צו באמערקען, אז די ארבייטער פון דעם שאפ זיינען אלע מאל וויליג צו העלפען אין יעדען פאל. דערום באדאנק איך דער קאמיטע מיט ברודער הערי מילער פאר זייער ארבייט פאר דער צייט וואס איך בין געווען אוועקגעוועזען.. איך ווינש זיי אלעמען געזונט.

מיט ברודערליכען גרוס.

ה. מאטלין, שאפ-טשערמאן, לאק. 117.

---

מיר די ארבייטער פון פינקוס און וועגדראוס שאפ, דאנקען הארציג ברודער איי. עס. מילער, מענעדזשער פון ארגאניזיישאן דעפארטמענט, און ברודער פרידמאן, ביזנעס אגענט, פאר זייער פראקטישער און גוטער ארבייט צו פארמיידען דעם אונטערגאנג פון דעם שאפ. אז די ארבייטער זאלען ניט דארפען בלייבען אין גאס ביי דער איצטיגער שלעכטער צייט.

בראדי, פון לאקאל 9, טשערמאן; וויינשטיין און סיגעל פון לאקאל 117; וויינשטיין, לאקאל 117; סיגעל, לאקאל 117.

# דאקטוירים פארזוכען זייער אייגענע מעדיצין

פון פאולין מ. ניומאן, יוניאן העלטה סענטער



יין אנוועזנהייט ביים נאציאנאלען געזונדהייט קאנפערענץ, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין וואשינגטאן אויף דעם פארלאנג פון פרעזידענט רוזוועלט, איז געווען אן ערפארונג וואס איך וועל לאנג געדענקען.

צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון דער מעדיצינישער פראפעסיע, איז די פראגע פון ניט גענוגענדער מעדיצינישער באזארגונג פאר דער באפעלקערונג באהאנדעלט געווארען ניט אויסשליסליך פון מעדיצינישע עקספערטען. די שטימע פון די ארבייטענדע מאסען האט זיך דארט געהערט קלאר און אן מורא. דעם פארמער'ס שטימע האט זיך געלאזט הערען איינפאך אבער פעסט. אנדערע גרופען בירגער, וועלכע נויטיגען זיך אין מעדיצינישער הילף אבער קריגען עס ניט, זיינען דארט געווען און דערצעהלט זייערע ערפארונגען און ארויסגעפאדערט די ארגאניזירטע מעדיקער אפצולייקענען די פאקטען.

אויב די מעדיצינישע פראפעסיע האט זיך נאך גענויטיגט אין באווייזען אז פאלקס־געזונטהייט איז א נאציאנאלע פראבלעם, האבען די וואס האבען זיך באטייליגט אין דער קאנפערענץ זיי צוגעשטעלט די באווייזען אין א גענוגענדער מאס.

ווי פרעזידענט רוזוועלט האט געזאגט אין זיין צושריפט צו דער קאנפערענץ: „די מעדיצינישע עקספערטען קענען העלפען, אבער די וועגען און מיטלען ווי צו האנדלען מיט דער פראבלעם מוז באשטימט ווערען האבענדיג אין זינען די בעסטע אינטערעסען פון אלע אונזערע בירגער".

צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע איז אויך די פראגע פון ניט גענוגענדער פאנאנדערטיילונג פון גוטע מעדיצינישע באהאנדלונג פאר די גרויסע מאסען פון דער דארפישער און ארום־שטאטישער באפעלקערונג, באהאנדעלט געווארען ניט פון טעכנישע עקספערטען, רעגירונגס־אונטערזוכער און כלל־טוער, נאר פון פארטרעטער פון ארבייטער און פארמער.

דראמאטיש איז געווען די געשיכטע, וואס עס האט דערצעהלט מרס. ת. ו. אהארט פון דער „אמעריקען פארם ביורא פעדערײשאן", ווען זי האט דערצעהלט:

„פילע פון אונזערע דארפישע קהילות זיינען היינט צו טאג אין גרויס נויט פון מעדיצינישע באהאנדלונג און האספיטעלער. איך ווייס פון קאונטיס וואו מען קען ניט געפינען קיין דאקטאר אין א שטח פון 40 מייל און ווען מען קריגט שוין א דאקטאר, פאדערט ער אזוי פיל געלט, אז דער פארמער קען ביי זיין בעסטען ווילען דאס ניט צאלען.

פראגרסיווע דאקטוירים האלטען מיט אונז

ניט בלויז ארבייטער פארטרעטער האבען קריטיקירט די איצטיגע סיסטעמע פון באזארגען מעדיצינישע הילף פאר די וואס נויטיגען זיך. עס זיינען געווען אויך אנדערע גרופען, וואס האבען זיך פאראייניגט מיט די ארבייטער פארשטעהער און האבען פארדאמט די גלייכגילטיגקייט און ציניש, רעאקציאנערע שטעלונג פון דער ארגאניזירטער פראפעסיע, ווי זי איז ארויסגעדריקט געווארען דורך די אפיציעלע פארשטעהער פון דער „אמעריקען מעדיקאל אסאסיאיישאן". און עס איז געווען א פארגעניגען צו זען ווי די ארויסגעשפראכענסטע, באוואוסטזיניגסטע גרופע פון דער מעדיצינישער פראפעסיע אליין איז ארויסגעטראטען געגען די פישביינס, די וועסטס און די אבעלס. ווען דר. אבעל, וועלכער איז דער פרעזידענט פון דער „אמעריקען מעדיקאל אסאסיאיישאן", האט געזאגט, אז זיין ארגאניזאציע פירט איצט אן אן אייגענע אונטערזוכונג וועגען דער נויטיגקייט פון מעדיצינישע באהאנדלונג האט דר. היו קאבאט פון מעיא קליניק איהם געגעבען דעם פאלגענדען ענטפער:

„איך בין געווען פאראינטערעסירט, — האט דר. קאבאט געזאגט, — צו הערען דעם פרעזידענט פון דער גרויסער אמעריקאנער מעדיצינישער געזעלשאפט דערמאנען די אונטערזוכונג וועלכע זיי פיהרען איצט אן. איך פערזענליך האב ניט פיל צוטרויען אין די רעזולטאטען, ווייל איך ווייס ניט דורך וועלכע מעטאדען דאקטוירים קענען אויסגעפינען וועגען די מענשען וואס זיי זעהען קיין מאל ניט אן. עס איז דאך קלאר, אז די מענשען וואס קריגען ניט קיין מעדיצינישע באהאנדלונג שפארען זיך דאך ניט אין די אפיסעס פון דאקטוירים, סא ווי אזוי וועלען יענע קריגען מער איבערצייגענדע ציפערן אויב אפילו מיר נויטיגען זיך אין אזוינע ציפערן, איז מער ווי מיין גראבע קאפ קאן באנעמען..."

עס זיינען געווען אנדערע, וועלכע האבען איינגעשטימט מיט דר. קאבאט. פראפעסאר ווינסלאו פון יעיל אוניווערזיטעט האט געזאגט: „איך האב זיך געטראפען מיט גרופען, פילע פון זיי וועלכע געפינען זיך טאקע דא אין זאל, פאר די לעצטע צען ביז צוואנציג יאר, דיסקוטירענדיג די זעלביגע פראבלעמען. און איך דענק, אז טיף אין אונזערע מוחות איז אלע מאל געווען די האפענונג און דער חלום, אז אזא מין קאנפערענץ וועט זיך אמאל צוזאמענקומען. איינער פון די דאקטוירים האט דא געזאגט אז מיר האנדלען מיט אן אונצייטיג עופה'לע. איך האף אז ער וועט עס צוריקנעמען צו זיך אין קליניק און פארזיכטיג באטראכטען אויב עס איז ניט אפשר פארמארעט (פון צו ווייניג שפייז) אנשטאט אומצייטיג. איך דענק, אז דאס עופ'עלע איז פיל עלטער ווי ער דענקט און אלץ אין וואס עס נויטיגט זיך אין איינגעבען עס אביסעל וויטאמינען סי. אי. א., א. פ. און ל. און אנדערע וויטאמינען וואס זיי פארמאגען אין דער פארם ביורא, אום עס זאל ווערען א געזונט און קרעפטיג קינד".

עס איז געווען א גרויסע און גוטע פארזאמלונג, גרויסארטיג דערפאר וואס די שטימע פון די ארבייטער, די פארמער און די פראגרעסיווע כחות אין דער מעדיצינישער פראפעסיע האבען געהאט א געלעגענהייט צום ערשטען מאל געהערט צו ווערען אין פארבינדונג מיט דער פראגע און האבען מוטיג ארויסגעפאדערט די כחות פון דער ארגאניזירטער מעדיצין. איך בין זיכער, אז פון דער קאנפערענץ וועט געבוירען ווערען א נייע פארשטענדיגונג וואס וועט באגרייפען די וויכטיגקייט פון באזארגען דער באפעלקערונג מיט מעדיצינישע באהאנדלונג.

ביי דער קאנפערענץ האב איך גערעדט, צוזאמען מיט מר. אלטמייער, טשערמאן פון דער סאשיאל סעקיוריטי באארד אויף דער ראדיא וועלכע מען האט געבראדקעסט איבער'ן גאנצען לאנד. מיין טעמא איז נאטירליך געווען אונזער יוניאן העלטה סענטער.

---

## בריוו אין רעדאקציע

ווערטער רעדאקטאר:

ערלויבט מיר צו מאכען איניגע אויסזעצונגען געגען ש. יאנאווסקי'ס ארטיקעל אין דער סעפטעמבער אויסגאבע פון דער „גערעכטיגקייט" וועגען דעם יוגענט קאנגרעס, וואס איז פארגעקומען אין וואסאר קאלעדזש, פאקיפסי, נ. י.

עס איז דורכאויס אן אומרעכט צו פארגלייכען און שטעלען אויף איין הויך דעם סאוועטען פארבאנד מיט די בלוטיגע פאשיסטישע רעגירונגען פון איטאליע און דייטשלאנד. אזא שטעלונג איז געווען באזונדערס אויסערן וועג ווען די איינציגע פראגע אויפן טאג־ארדנונג פון דעם קאנגרעס איז געווען צו געפינען א וועג אז אלע דעלעגאטען זאלען קענען מיטארבייטען אויסצוהאלטען דעם וועלט־פרידען און צאמען די אנגרייפער און מלחמה־מאכער. איך וויל אויך זאגען, אז איך ווייס ניט פון וואנען יאנאווסקי האט גענומען דעם פראגראם, וואס ער זאגט איז אנגענומען געווארען ביי דעם יוגענט קאנגרעס, נאר עס איז אן צווייפעל ניט דער פראגראם וואס דער יוגענט קאנגרעס האט אנגענומען לויט ווי די „ניו יארק טיימס" פון אויגוסט דעם 24טען און אנדערע ניו יארקער צייטונגען האבען איבערגעגעבען.

ניט נאר האבען א סך רענק און פייל ארבייטער געלייענט מיט פארדרוס די שילדערונג פון דעם סאוועטען פארבאנד אלס „א גרויסע געפענגניש" און אז „די גרעסטע און בעסטע זיינען זיך צולאפען פון רוסלאנד ווי פון א שרעקליכען גיהנום", נאר אויך א גרויסע צאל טרייד יוניאן פירער און פראמינענטע פערזענליכקייטען וועלען האלטען אזא צוגאנג פאר ניט ריכטיג און שעדליך.

איך וועל ניט ציטירן וואס סידני וועב, ענגלאנדס אנגעזעענסטער סאציאליסט; דזשעראם דייוויס, פרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערײשאן אוו טיטשערס יוניאן, און פרענסיס גארמאן, פרעזידענט פון די פאראייניגטע טעקסטייל ארבעטער יוניאן, זאגען וועגען דעם סאוועטען פארבאנד. ערלויבט מיר אבער ציטירען מיין מענעדזשער און וויס פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, דזש. ברעסלאו: „אלס א פריינד פון סאוועטען פארבאנד בין איך דאנקבאר פאר דער געלעגענהייט צו גראטולירען די סאוועטען רעגירונג, 20 יאר נאך איר קומען צו דער מאכט, פאר איר גלענצענדען פראגרעס און פעסטקייט. דער סאוועטען פארבאנד איז ביז היינט צו טאג די איינציגע ארבייטער רעגירונג אין דער וועלט. אויב דער איצטיגער אלוועלטליכער קאמף קען ניט אויסגעמיטען ווערען, ווען פרידליכע באמיהונגען וועלען זיין ניט ווירקזאם, ווען די פאשיסטישע הערשער וועלען ניט קענען צוריקגעהאלטען ווערען, דאן וועט דער סאוועטען פארבאנד פירען די אטאקע פון אלע דעמאקראטישע כחות געגען ווילדען בארבאריזם".

ברעסלאו שטייט ניט אליין. ווען די פאשיסטישע אגרעסארס אטאקירען און ווילען פארגוואלטיגען איין לאנד נאך א צווייטען, באמבארדירען אפענע שטעט און הרג'ענען פרויען און קינדער אין די טויזענטער אין שפאניע און אין כינע, און ווען היטלער גרייט זיך אנצופאלען אויף טשעכאסלאוואקיע, האבען די ענגלישע ארגאניזירטע ארבייטער, דורך זייער טרייד יוניאן קאנגרעס אין בלעקפול, ענגלאנד, אנגענומען א מאניפעסט פאדערענדיג אז „די ענגלישע רעגירונג זאל מאכען אזוי קלאר ווי מעגליך פאר דער רעגירונג פון דייטשלאנד אז זי וועט זיך פאראייניגען מיט דער פראנצויזישער און סאוועטישער רעגירונג אפצושטעלען יעדער אטאקע אויף טשעכאסלאוואקיע". אויך די ענגלישע ארבייטער באגרייפען די ראלע פון דער סאוועטען רעגירונג אין דעם קאמף פאר דעמאקראטיע און געגען די פאשיסטען.

איך שטים איין מיט פריינד יאנאווסקי'ן, אז עס איז א גוטע זאך וואס אויך קאמוניסטען האבען זיך באטייליגט אין דעם „אלוועלטליכען יוגענט קאנגרעס". איך וויל האפען, אז פריינד יאנאווסקי וועט זיך ניט מער לאזען פארפירען פון זיינע פאראורטיילען און אויך אננעמען א מער רעאליסטישע שטעלונג צו דעם סאוועטען פארבאנד.

אויס אויפריכטיגקייט צו דעם יוגענט קאנגרעס, וויל איך בעטען דעם רעדאקטאר צו דרוקען דעם פאלגענדען פראגראם, אנגענומען ביי דעם אלוועלטליכען יוגענט קאנגרעס:

ארטיקעל 1. מיר שווערען צו אנטוויקלען א גייסט פון ברידערליכקייט און מיטארבעטערשאפט צווישען די יוגענטליכע פון אלע נאציעס, צו העלפען פאראייניגען די יוגענט פון אונזערע אייגענע לענדער און ארבייטען פאר דער איינגקייט פון דער יוגענט פון אלע לענדער אן דיסקרימינאציע פון ראסע, גלויבען אדער מיינונגען אונטער דער פירערשאפט פון דעם יוגענט וועלט קאנגרעס".

ארטיקעל 2. מיר פארדאמען אלע מלחמות פון פארכאפונג אנגעפירט געגען די פאליטישע און עקאנאמישע זעלבסטשטענדיגקייט פון א לאנד.

ארטיקעל 3. מיר פארפליכטען זיך צו טאן אלץ אין אונזער מאכט צו פארזיכערן אז די יוגענט פון אונזערע לענדער וועלען קיין מאל ניט אנטייל נעמען אין דעם אנגריף אויף אנדערע לענדער.

4. מיר שטימען איין אויסצואיבען א דרוק אויף אונזערע רעגירונגען פאר נויטיגער געמיינשאפטלאכער אקציע צו פארמיידען אן אנגריף, צו געבען ווירקזאמע הילף צו די קרבנות פון די ברעכער פון אינטערנאציאנאלע אפמאכען, און זען אז אונזערע רעגירונגען זאלען ניט אנטייל נעמען אין אזא אנגריף סיי אין דער פארם פון באזארגען נויטיגע מלחמה מאטעריאלען אדער פינאנציעלע הילף.

ארטיקעל 5. מיר דערקלערען אין פולער ערנסטקייט אז די באמבארדירונג פון אפענע שטעט און ציווילע באפעלקערונגען פארברעכען געגען מענשלאכער מאראל און געגען די אנגענומענע כללים פון אינטערנאציאנאלער אויפפירונג. מיר נעמען זיך אונטער צו מאביליזירען דעם געוויסען פון דער וועלט צו [illegible]

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XX, No. 11. | Jersey City, N. J., November, 1938 | Price: 10 Cents

## שטימט פאַר דער לייבאַר פאַרטיי

די אינטערנעשאַנעל פאָדערט אויף אַלע אירע מיטגלידער, וואָס זיינען בירגער אין לאַנד, אַז זיי זאָלען געהן דעם 8טען נאָוועמבער צו די וואַלען און שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאַר פאַרטיי.

אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ איז די לייבאַר פאַרטיי געוואָרען אַ גרויסער איינפלוסרייכער פּאָליטישער כח, און עס איז אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער, אַז איר איינפלוס און ווירקונג זאָלען וואַקסען און ווערען גרעסער. עס איז די פאַרטיי פון די אַרבייטער און זי קעמפט פאַר זייערע אינטערעסען.

די לייבאַר פאַרטיי האָט אָפּגעהאַלטען אַ גרויסען זיג מיט אַ יאָר צוריק אין די וואַהלען פון דער שטאָט ניו יאָרק און זי דאַרף ביי די איצטיגע וואַלען אָפּהאַלטען נאָך אַ גרעסערען זיג. די איצטיגע וואַלען זיינען באַזונדערס וויכטיגע און עס איז דעריבער באַזונדערס וויכטיג, אַז די לייבאַר פאַרטיי זאָל אין זיי זיגען. זאָל דעריבער יעדער מיטגליד פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס האָט אַ רעכט צו שטימען, ניט פאַרפעלען דינסטאַג, דעם 8טען נאָוועמבער, צו ערפילען זיין פליכט.

אויף דער לעצטער זייט פון דעם נומער „גערעכטיגקייט" איז אָנגעגעבען ווי אַזוי צו שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאַר פאַרטיי און ווי צו שטימען פאַר די אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע פון ניו יאָרק סטייט.

⁂

## צו דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל

דער מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין דער צווייטער וואָך פון נאָוועמבער אין וואַשינגטאָן, וועט אויסער די פראַגען, וואָס האָבען צו טאָן דירעקט מיט די אינטערעסען פון אונזער גרויסער יוניאָן, אויך דאַרפען פאַרהאַנדלען אַ פראַגע, וואָס באַרירט די אינטערעסען פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. עס איז די פראַגע פון דער קאָנסטיטואַירעדנער קאָנווענשאַן פון דער סי. אי. אָ., וואָס דאַרף זיך עפענען דעם 1טען נאָוועמבער אין פּיטסבורג.

עס איז ניט בלויז די פראַגע אויב די אינטערנעשאַנעל זאָל זיך באַטייליגען אין דער קאָנווענשאַן אָדער ניט. אָט די פראַגע פאַר זיך וואָלט אפשר געווען גאַנץ לייכט צו אַנטשיידען, ווען זי וואָלט ניט געווען פאַרבונדען מיט אַ סך אַנדערע פראַגען, וואָס קומען נאָך איר.

די אינטערנעשאַנעל האָט דורך איהר פּרעזידענט דייוויד דובינסקי ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען ערקלערט, אַז זי האָט זיך פאַרבונדען מיט דער סי. אי. אָ. בלויז פאַר דעם צוועק צו העלפען אָרגאַניזירען די מיליאָנען אונאָרגאַניזירטע, וואָס זיינען פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען, צוליב דעם, וואָס איהר פאָרם פון אָרגאַניזאַציע — קרעפט יוניאָניזם — איז ניט צוגעפּאַסט צו די מאָדערנע אינדוסטריעס פון מאַסען פּראָדוקציע, אָבער בשום אופן ניט פאַר דעם צוועק צו שפּאַלטען די אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און צו שאַפען אַ צווייטע זעלבסטשטענדיגע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל קאָנקורירען מיט דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. עס איז דערפון קלאָר, וואָס עס דאַרף זיין די שטעלונג פון דער אינטערנעשאַנעל צו דער קאָנווענשאַן פון דער סי. אי. אָ. אין פּיטסבורג. עס איז אַ קאָנווענשאַן, וואָס האָט דעם צוועק צו שאַפען אָט די זעלבסטשטענדיגע פּערמאַנענטע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס די אינטערנעשאַנעל איז אַזוי אויסגעשפּראָכען געגען.

אָבער אַזוי איינפאַך איז די פראַגע דאָך ניט. די פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנעל האָט זיך פון אָנפאַנג אָן נישט גענאַרט און האָט פאָראויסגעזעהען, אַז דער שטרייט וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר און די שאַפונג פון דער קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע (סי. אי. אָ.) קען פירען צו אַ דואַל יוניאָן. אויף דעם פערטעל־יעהרליכען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין קליוולאַנד, אין אַ קורצער צייט נאָכדעם, ווי די סי. אי. אָ. איז געשאַפען געוואָרען איז די פראַגע גאַנץ ברייט דיסקוטירט געוואָרען. פּרעזידענט דובינסקי האָט אויף יענעם מיטינג ערקלערט, אַז ער קאָן פאָראויסזעהן די געפאַר פון אַ דואַל יוניאָן, נאָר די אונטערנעמונג צו אָרגאַניזירען די מיליאָנען אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער איז אַזאַ וויכטיגע, אַז מען קען זיך פון איהר ניט אָפּזאָגען. מען וועט בלויז דאַרפען שטעהן אויף דער וואַך און אָנווענדען אַלע מעגליכע מיטלען די געפאַר פון אַ שפּאַלטונג צו פאַרמיידען.

די אינטערנעשאַנעל האָט איהר פליכט ערפילט פון ביידע זייטען. זי האָט פיל מיטגעהאָלפען אין דעם קאַמפּעין פון דער סי. אי. אָ. צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער פון די מאַסען־פּראָדוקציע אינדוסטריעס און זי האָט אויך אין דערזעלבער צייט געזוכט צו ווירקען מיט אַלע איהרע כחות, אַז דער ריס, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, זאָל וואָס גיכער גאַנץ געמאַכט ווערען. פּרעזידענט דובינסקי האָט די גאַנצע צייט ניט אויסגעלאָזען קיין געלעגענהייט צו פּראָבירען צונויפצוברענגען די שטרייטענדע צדדים און שאַפען פרידען צווישען זיי. ליידער האָבען זיינע באַמיהונגען אין דעם פּרט פאַרלויפיג זיך ניט געקרוינט מיט דעם געווינשטען ערפאָלג. אָבער זיי טאָרען דאָך ניט אויפגעגעבען ווערען.

ווען עס זאָל זיך איצט איינגעבען צו שאַפען אַ פרידען צווישען דער א. פ. אָוו ל. און דער סי. אי. אָ. וואָלט די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג אַרויסגעקומען פון איהר דריי־יעהריגען אינערליכען שטרייט אַ פיל פאַרשטאַרקטע. די צאָל פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער האָט זיך אין דער צייט אַזוי גוט ווי פאַרדאָפּעלט. דער שטרייט מיט דער סי. אי. אָ. האָט געוועקט ענערגיע און טעטיגקייט אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. זי האָט זיך גענומען מיט אַ גאַנץ באַזונדערען אימפּעט צו אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט און איז געווען ערפאָלגרייך. די א. פ. אָוו ל. פאַרזיכערט; אַז איהר מיטגלידער צאָל איז היינט באַדייטענד גרעסער ווי אין דער צייט איידער זי האָט סוספּענדירט די יוניאָנס פון דער סי. אי. אָ.

מיר נעמען זיך דאָ ניט אונטער צו אונטערזוכען אויף וויפיל עס זיינען פּינקטליך די ציפערען וואָס די א. פ. אָוו ל. גיט אָן וועגען איהר איצטיגער מיטגלידערשאַפט און די ציפערען, וואָס די סי. אי. אָ. גיט אָן וועגען איהר מיטגלידערשאַפט. אָבער מיט אַלע קאָרעקציעס, וואָס יעדער צד מאַכט אין דעם אַנדערענס ציפער, קומט עס אַלץ אַרויס, אַז ביידע צוזאַמען האָבען איצט אַ ריזיגע צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער, אַזאַ צאָל, וואָס די אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג האָט עס ביז איצט קיינמאָל ניט געהאַט, און ווען עס זאָל זיך איצט איינגעבען צו ברענגען פרידען צווישען די צוויי שטרייטענדע צדדים וואָלט די פאַראייניגטע אַרבייטער באַוועגונג פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אונגעהויער גרויסע מאַכט אין אַמעריקאַנער לעבען.

פאַר דער אינטערנעשאַנעל, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפען ברענגען דעם געווינשטען פרידען, שטעהט איצט די פראַגע ווי אַזוי זי קען ווייטער ווירקען אין אָט דער ריכטונג. די אַרבייט פאַר פרידען וואָלט געווען אַ סך האָפענונגספולער, ווען די פירערשאַפט פון דער סי. אי. אָ. וואָלט איצט ניט באַשלאָסען צו האַלטען אַ קאָנווענשאַן.

אַ נייער שטראַהל פון האָפענונג פאַר פרידען האָט זיך באַוויזען אין דער צייט פון דער קאָנווענשאַן פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר אין יוסטאָן. עס האָט פּאַסירט עטוואָס אונגעוויינליכעס. דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע האָט אַפּעלירט צו דעם פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר פאַר פרידען און איינִיגקייט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. דאָס האָט ניט געקענט פאַרפעלען צו מאַכען אַ ווירקונג. זי האָט טאַקע גלייך געפונען דעם אויסדרוק דורך דעניעל טאָבין, דער פּרעזידענט פון דער טימסטערס יוניאָן, איצט די גרעסטע יוניאָן אין דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לייבאָר. טאָבין איז אויף דער קאָנווענשאַן אַרויסגעטראָטען מיט אַ שטאַרקער רעדע פאַר פרידען. די כחות, וואָס האָבען די גאַנצע צייט געאַרבייט פאַר פרידען, האָבען באַקומען אַ גרויסע פאַרשטאַרקונג און די האָפענונגען, אַז אַ פרידען איז נאָהענט זיינען געוואָרען גרעסער. נאָר אין מיטען איז געקומען דער רוף פון דער סי. אי. אָ. פאַר אַ קאָנווענשאַן און דאָס האָט שווערער געמאַכט דעם וועג צו פרידען.

די פראַגע פאַר דער אינטערנעשאַנעל איז, אַלזאָ, ניט בלויז וועגען דער באַטייליגונג אין דער קאָנווענשאַן, נאָר ווי אַזוי אונטער די אומשטענדען צו געפינען דעם בעסטען וועג ווייטער צו ווירקען, אַז דער געהאָפטער. פרידען זאָל וואָס גיכער קענען קומען.

⁂

צווישען די וויכטיגע פראַגען, וואָס עס וועט אויסקומען דעם מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע צו פאַרהאַנדלען, וועט זיין די נעקסטע קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנעל.

די נעקסטע רעגולערע קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנעל דאַרף אָפּגעהאַלטען ווערען דעם קומענדיגען מאַי. עס הייסט, אַז עס איז איבערגעבליבען אין גאַנצען אַן ערך אַ האַלב יאָהר און מען דאַרף דעריבער זיך שוין אָנפאַנגען גרייטען צו איהר. עס האָט זיך אָבער ביי דער פירערשאַפט פון דער אינטערנעשאַנעל דערוועקט אַ פראַגע, אויב עס איז טאַקע דורכאויס נויטיג צו האַלטען אַ קאָנווענשאַן דעם נעקסטען מאַי. אַ קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנעל קאָסט אָפּ אַ גרויסע סומע געלד און עס נעמט אַוועק די מייסטע טוער פון דער יוניאָן פון זייער טאָג־טעגליכער רוטינער אַרבייט. נאָר ווען עס זיינען פאַראַן וויכטיגע פראַגען, וואָס דאַרפען פאַרהאַנדעלט און אַנטשיידען ווערען, קען עס ניט זיין קיין רייד וועגען אָפּלעגען אַ קאָנווענשאַן. זי מוז געהאַלטען ווערען אין צייט. ווי די לאַגע איז אָבער איצט זעהען זיך פאַרלויפיג ניט קיין באַזונדערס וויכטיגע פראַגען, פאַר וועלכע אַ קאָנווענשאַן זאָל זיין דורכאויס נויטיג. עס קען דעריבער זיין אַ סברא, אַז מען זאָל אָפּלעגען די קאָנווענשאַן אויף אַ יאָהר שפּעטער.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען אַזאַ באַשלוס זאָל אָנגענומען ווערען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע, וועט ער מוזען געהן צו אַ רעפערענדום אָפּשטימונג צו אַלע לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאַנעל.

# פילע קלעימס פאר טויטע בענעפיט צוריקגעוויזען צוליב הינטערשטעליגקייט אין דיוס

דער ערשטער באריכט וועגן קלעימס פאר טויטען בענעפיט, וואס די אינטערנעשאנעל האט אויסגעצאלט און צוריקגעוויזען, וואס וויס־פרעזידענט הערי וואנדער, טשערמאן פון דער טויטען בענעפיט קאמיטע, האט פארעפענטליכט, באווייזט, אז א באדייטענדע צאל קלעימס פאר טויטען בענעפיט ווערען צוריקגעוויזען איבער דעם וואס די פארשטארבענע מיטגלידער זיינען שולדיג געווען מער ווי דרייצען וואכען דיוס אין דער יוניאן. איבער דעם האבען זייערע יורשים פארלארען דאס רעכט איינצומאנען 150 דאלאר בענעפיט.

וויס־פרעזידענט וואנדער האט אויסגעדריקט באדויערען וואס די יורשים פון מאנכע פארשטארבענע מיטגלידער האבען פארלארען זייער רעכט צו בענעפיט דורך דעם פארזען. ער אפעלירט צו אלע מיטגלידער צו באקענען זיך מיט די רולס פון בענעפיט פאנד, וועלכע זיינען זייער איינפאך. די רולס קענען מיטגלידער קריגען אין אפיס פון לאקאל וואו זיי באלאנגען.

פאלגענדע איז א ליסט פון די טויטען בענעפיט קלעימס וואס זיינען אויסגעצאלט געווארען און די וואס זיינען צוריקגעוויזען געווארען און די אורזאכען:

| נאמען | דאטום | | לאקאל | לעדזשער | עלטער | אויסגעצאלט צו |
|---|---|---|---|---|---|---|
| מארטשניק, מעקס | יולי | 2 | 60 | 812 | 57 | אלמנה |
| טאלמאדוש, הימאן | ” | 7 | 8 | 238 | 60 | טאכטער |
| סאטארין, פלארע | ” | 8 | 100 | 3033 | 69 | ברודער |
| קעמפבעל, סוזי | ” | 13 | 22 | 16476 | 51 | זון |
| קאריני, מערי | ” | 13 | 188 | 923 | 23 | מוטער |
| מערקורי, קעטערין | ” | 17 | 150 | 2029 | 43 | מאן |
| ראזענפעלד, סעם | ” | 18 | 22 | 30092 | 32 | אלמנה |
| אפסי, מעקס | ” | 21 | 35 | 396 | 66 | ” |
| גרינבערג, הימאן | ” | 25 | 22 | 40589 | 55 | ” |
| בערנסטיין, בעני | ” | 26 | 22 | 8180 | 50 | ” |
| הילטאן, לעאן פאול | ” | 27 | 9 | 7397 | 52 | ” |
| ריטשארדסאן, רעיזי | ” | 30 | 100 | 3621 | 54 | טאכטער |
| ענגעלסאן, מעקס | ” | 31 | 117 | 5722 | 50 | אלמנה |
| קאנסיליערי, אגנאן | אויגוסט | 1 | 89 | 6486 | 42 | מוטער |
| לעאוויט, דושאו | ” | 1 | 18 | 235 | 50 | אלמנה |
| קאלוואניקא, מ. | ” | 11 | 89 | 22541 | 58 | מאן |
| שאפירא, יוסף | ” | 12 | 117 | 10182 | 50 | אלמנה |
| וועקסלער, דזשוליוס | ” | 17 | 22 | 22226 | 50 | ” |
| וויזעלטיער, סעם | ” | 17 | 117 | 3671 | 50 | ” |
| לעיפסיג, סעמיועל | ” | 18 | 155 | 1424 | 62 | טאכטער |
| קעטערין, לאווער | ” | 18 | 37 | 858 | 53 | מאן |
| דזשאסינקיעוויטשע, דזשאהן | ” | 19 | 18 | 54 | 57 | פרוי |
| לאיאקאמא, בערנארד | ” | 22 | 145 | 2623 | 64 | ” |
| סאריאנא, טעאדארע | ” | 24 | 89 | 2345 | 42 | ” |
| פראסט, סאלאמאן | ” | 27 | 20 | 1716 | 68 | זון |

## צוריקגעוויזען קלעימס:

| נאמען | דאטום | | לאקאל | לעדזשער | עלטער | אורזאך פאר צוריקוויזען |
|---|---|---|---|---|---|---|
| סטוטמאן, מאריס | אויגוסט | 1 | 117 | 3166 | — | צוריקשטייענד אין דיוס |
| סטולצענבערג, ל. | יולי | 9 | 117 | 8932 | — | ” ” ” |
| ספעקטאר, לואיס | ” | 9 | 9 | 7559 | 52 | ” ” ” |
| מאזי, מ. | ” | 8 | 35 | — | — | ” ” ” |
| מארקוס, דזשאו | ” | 9 | 117 | 7900 | — | ” ” ” |
| לעדוק, מ. | ” | 11 | 112 | 1218 | — | ניט קיין יאר א מיטגליד |
| קלעוואנסקי, סאפיע | ” | 16 | 226 | 190 | — | צוריקשטייענד אין אסעסמענט |
| גאלדבערג, פיליפ | ” | 26 | 117 | 4958 | — | צוריקשטייענד אין דיוס |
| גאלדבערג, בען | ” | 25 | 117 | 1369 | — | ” ” ” |
| עליאט, לילי | ” | 14 | 338 | 146 | 50 | ניט קיין יאר א מיטגליד |
| סעלענטאנא, פריינק | ” | 22 | 48 | 10822 | 65 | ניט קיין יאר א מיטגליד |

# ארבייטער פייערן פריעד'ס 50־יאריגען יובילעאום

שבת, דעם 10טען סעפטעמבער, האבען די ארבייטער פון די שעפער פון ברודער הערמאן פריעד'ס דיסטריקט, געגעבען אן עהרען־באנקעט צו פייערן זיין פופציג־יאריגען געבורטסטאג און צען יאר פון זיין א באאמטער אין דער יוניאן.

עס זיינען געווען פארטראטען קאמיטעס פון אלע שעפער, וועלכע פריעד פארטרעט, ווי אויך א גרויסע צאל געסט פון ארגאניזאציעס, וועלכע זיינען געקומען באגריסען דעם יובילאר.

דער אווענט איז געעפענט געווארען פון ברודער נעט עפשטיין, טשערמאן פון דער ארגאנדזשמענטס קאמיטע, וועלכער האט אין א קורצער איינלייטונג באגריסט דעם יובילאר און האט פארגעשטעלט דעם טאסטמאסטער, ברודער מאריס האפמאן, וועלכער האט אין נאמען פון די ארבייטער פון די שעפער געדאנקט דעם יובילאר פאר דער גוטער ארבייט וואס ער האט געטאן ביז איצט, און געוואונשען אים נאך לאנגע יארען פון טעטיגקייט.

עס האבען נאכגעפאלגט באגריסונגען פון מאנכע טשערליים, ווי ברודער מ. שאץ, ברודער הערי איילאנד, העד־טשערמאן פון העפט'ס שעפער. עס האבען אויך באגריסט דעם גאסט רובין צוקערמאן, טשערמאן פון לאקאל 117 ; ברודער בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון אמעריקען דעפארטמענט ; מאריס פיינבערג, מענעדזשער פון אינדאסטריעל קאונסיל און בענדזשאמין גאלוב, אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 117.

ברודער טשארלי ארענסקי האט אין נאמען פון דעם סטעף פון דעם אמעריקען דעפארטמענט, פרעזענטירט דעם יובילאר מיט א זילבערנע סיגארעט קיס.

די פארזאמלטע האבען אוועקגעשיקט א טעלעגראמע צו ברודער ל. ליווויי, מענעדזשער פון לאקאל 117 מיט א וואונש פאר זיין גיכער ערהאלונג.

צום לעצט איז פארגעשטעלט געווארען דער יובילאר, ברודער פריעד, וועלכער איז זייער ווארים אויפגענומען געווארען פון אלע פארזאמעלטע, און אויף א געלונגענעם וועג געשילדערט די לאגע אין שאפ.

אויף זיין פארלאנג האבען זיך אלע אויפגעשטעלט אין אנדענק פון די וועלכע האבען געגעבען זייער לעבען פאר פרייהייט.

די ארגאנדזשמענטס קאמיטע האט באוויליגט $19.50 פאר די שפאנישע קרבנות.

ארגאנדזשמענטס קאמיטע:

נעט עפשטיין, טשערמאן.
מאריס האפמאן, סעקרעטער.
גערשון קופער, טרעזשורער.
מאריס שאץ, סעם שאפירא, טשארלי שניידערמאן, מ. בעקערמאן.

# ארבייטסלאזע וועלכע האבען געטופט אין אן אנדער סטייט קענען איצט קריגען זייער בענעפיט

דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל מעלדעט, אז לויט אן אפמאך וואס עס איז איצט געשלאסען געווארען צווישען אלע סטייטס און טעריטאריעס פון די פאראייניגטע שטאטען, מיט דער אויסנאם פון אכט, קענען איצט ארבייטסלאזע, וואס האבען זיך אריבערגעצויגען פון איין סטייט אין א צווייטען, קריגען זייערע ארבייטסלאזע אינשורענס בענעפיט אין דעם סטייט וואו זיי וואוינען.

לויט דעם אפמאך, וואס איז אונטערגעשריבען געווארען, מעגען אזוינע ארבייטער, וועלכע זיינען בארעכטיגט צו ארבייטסלאזע בענעפיט אין א סטייט וואו זיי וואוינען מער ניט, זיך רעדזשיסטרירען אין דעם נייעם סטייט וואו זיי וואוינען. ווען אן ארבייטער, צום ביישפיל, האט געארבייט אין ניו יארק אין 1937 און האט זיך אריבערגעצויגען נאך קאליפארניע, קען ער קריגען זיין בענעפיט פון ניו יארק סטייט דורך אריינגעבען א אפליקיישאן אין קאליפארניע סטייט עמפלאימענט אפיס אין דער שטאט וואו ער וואוינט. דאס וועלבע מיט א ארבייטער וואס האט געטופט פון קאליפארניע אין ניו יארק. ער קען קריגען זיין בענעפיט דורך אריינגעבען אן אפליקאציע אין ניו יארק סטייט עמפלאימענט אפיס.

נאכדעם ווי אן ארבייטסלאזער מאכט זיין אפליקיישאן וועט ער זיך דארפען מעלדען וועכענטליך אין דעם פלאץ וואו ער האט אריינגעגעבען זיין אפליקאציע, אזוי לאנג ווי ער איז ארבייטסלאז און דער אפיס לאזט הערען דעם סטייט פון וואנען ער קומט, אז דער באטרעפענדער אפליקאנט איז נאך אלץ ארבייטסלאז און איז בארעכטיגט צו בענעפיט. די בענעפיט וואס דער ארבייטסלאזער קריגט איז, נאטירליך, לויט די געזעצען פון דעם סטייט וועלכער צאלט די בענעפיט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6068

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XX. No. 10 [redacted] October, 1938

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.